א. ר. צווייג



# מוטער-שפּראַך אין שול פון דער ערשטער שטופע

מעטאָדישער האַנטבוך

צענטראַלער פעלקער-פאַרלאַג פון פ. ס. ס. ר.
1929 מאָסקווע

פאָלקס-קאָמיסאַריאַט פאַר בילדונג פון ר.ס.פ.ס.ר.

א. ר. צווייג

# מוטער-שפּראך אין שול
# פון דער ערשטער שטופע

מעטאָדישער האַנטבוך




צענטראַלער פעלקער-פאַרלאַג פון פ.ס.ס.ר.
1929
מאָסקווע

# אינהאַלט-פאַרצייכעניש






Главлит А 33489 2439 Тираж 1.500 экз.

Книжная Фабрика Центриздата. Москва, Шлюзовый проезд, 6.

## 1. די צילן פון שפּראַך-לימעד, קאָמפּלעקס און די אויפגאַבן פון לערער

דער ניטבאַפרידיקנדיקער צושטאַנד פון די שפּראַכלעכע קענטעניש אין געוואוינהייטן באַ דער הײנטיקער שילערשאַפט איז אַן אַלגעמײן פאַרשפּרייטע דערשיינונג. וועגן דעם רעדט מען די לעצטע יאָרן זייער אָפט אין דער פּעדאַגאָגישער פּרעסע, אַף לערער-קאָנפערענצן און צוזאַמענפאָרן. גאַנץ שאַרף האָט זיך וועגן דעם אַרויסגעזאָגט אַפן 5-טן צוזאַמענפאָר פון די גובבילדן דער פאָרזיצער פון אַלפאַרבאַנדישן „גוס", דער כ' פּאָקראָווסקי:

„אין דער אַלטער שול האָבן די קינדער, אַרויסגייענדיק פון דער פירקלאַסיקער שול, שוין געשריבן ריכטיק לויט דער אַלטער שווערער גראַמ'שער אָרטאָגראַפיע. איצטער אָבער, באַ דער פאַרײנפאַכטער אָרטאָגראַפיע, ווערט דאָס אָפט ניט דערגרייכט אויך צום סאָף פון דער זיבניאָריקער שול"[1].

פון דער אַנדערער זייט, קלאָגט מען זיך גאַנץ אָפט אַף דער יערידע פון סטיל, פון ליטעראַרישן שאַפן, אַף דער פאַראָרעמונג פון דער שפּראַך.

אין דער אידישער שול איז די לאַגע, פאַרשטייט זיך, ניט בעסער, כאָטש די אידישע אָרטאָגראַפיע איז ווייט ניט אַזאַ שווערע, ווי די רוסישע, אָבער היפּשע „צאָרעס" זיינען באַ אונז אויך דאָ. ליידער, זיינען באַ אונז אַף דעם געביט ניטאָ קיין אויספאָרשונגען, מיר קענען אויך ניט פאַרגלייכן די איצטיקע לאַגע מיט דער לאַגע פון פאַר דער רעוואָלוציע, ווייל מיר האָבן פאַר דער רעוואָלוציע קיין אידישע שול ניט געהאַט. אָבער אונזערע פּעדטעכני-קומס וואָלטן זייער אַסאַך קענען דערציילן, וואָס פאַר אַן אָרטאָגראַפישע „צאָרעס" זיי האָבן פון די סטודענטן, וואָס קומען פון די זיבניאָריקע אידישע שולן. זיי קומען אָפט מיט אַזעלכע „פאַרפעסטיקטע" גרייזן, אַז ס'איז שוין אוממעגלעך זיי אויסצוּוואָרצלען... נאָר, ווי געזאָגט, איז באַ אונז די אָרטאָגראַפישע פּראָבלעם ניט אַזאַ האַרבע, ווי אין דער רוסישער שול. באַ אונז איז

1 זע „ראַדנאַי יאַזיק ווי שקאָליע" 1926 נום. 11—12, ז. 169.

די לאַגע אַסאַך ערגער מיט סטיל, מיט זאַצבוי. דאָ הערשט דער רוסיזם, די איבערגעזוצטקייט. דער סטיל איז טרוקן, אָן אַ ברעקל לעבעדיק-פאָלקסטימלע-כער אויסדריקלעכקייט.

ס'איז דאָ אַ גאַנצע ריי סיבעס, וואָס האָבן אַרויסגערופן אין לעבן פון דער סאָוועטישער אַרבעט-שול דידאַקטיק העכסט-טרויעריקע דערשיינונג. מיר האָבן געעפנט אַסאַך נייע שולן, וואָס זיינען אָפט מאַטעריעל ניט באַזאָרגט, פאַרמאָגן ניט די נויטיקסטע לערנמאַכשירים און דידאַקטישן מאַטעריאַל. עס פעלן ביכלאַל גוט-צוגעפּאַסטע לייען- און אַרבעט-ביכער. די קינדער-ליטעראַטור איז זייער אַף אַ נידעריקער מאַדרייגע (וועגן דעם האָט מ. גאָרקי אופמערקזאַם געמאַכט אין איינעם פון זיינע לעצטע אַרטיקלען). די טאַלמידים זיינען מוי-רעדיק איבערגעלאָדן און האָבן ניט קיין מעגלעכקייט זיך „צאַצקען“ מיט דער שפּראַך. די שריפטלעכע אַרבעטן (און שרייבן שרייבט מען דאַפקע אסאך) ווערן געמאַכט „כאַפּ-לאַפּ“, אַבי-ווי, אָפּגעפּאַטערט. ניט קיין קליינע ראָליע שפּילט אויך דאָס, וואָס דער לערער האָט אָפט אַליין ניט די נויטיקע קענטע-נישן.

די אַלע סיבעס ווערן אין די באַדינגונגען פון דער אידישער שול נאָך מער פאַרשטאַרקט: מאַכמעס די אידישע שול איז א נייע, איז זי ווייניקער מאַטעריעל באַזאָרגט. וועגן דעם רעדט מען טאָמיד אף אונזערע קאָנפערענצן און צוזאַמענפאָרן. די פילשפּראַכיקייט פאַרגרעסערט די איבערגעלאָדנקייט פון די טאַלמידים, דער פאַרמעלער מישמאַש, וואָס די פילשפּראַכיקייט ברענגט מיט זיך שוין גלייך פון די ערשטע טריט (אַ קלייניקייט, פון צווייטן לערניאָר הויבט מען שוין אָן אַ צווייטע שפּראַך און אָפּט אויך אַ דריטע!), שטעלט שטעקנס אין די רעדער פון דעם אידיש-לימעד. מיט לייען- און אַרבעט-בי-כער איז די לאַגע פיל ערגער, ווי אין דער אַלגעמיינער שול.

אויסער דער שול לייענען אונזערע קינדער שפּאָט-ווייניק, ווייל ס'איז פּאָשעט ניטאָ וואָס. גאַנץ טרויעריק איז באַ אונז די לאַגע מיט די שפּראַך-און ליטעראַטור-קענטענישן פון די לערער גופע. דערהויפּט איז דאָס נויגייע די גרופּן-פירער פון אינגערן קאָנצענטער, וואָס קענען ס'ראָוו קיין אידיש ניט. די שפּראַך פון די לערער פון די אַלגעמיינע לימודים אין צווייטן קאָנצענטער פאַרשאַפט אונז אויך ניט ווייניק שפּראַכלעכע יעסורים... וואָס דער לערער פון אידיש בויט אויף, צעשטערן זיי מיט זייער „כאַצי דייטש פּאָלאָווינא רייסיש“-לאָשן. עס קומט נאָך באַ אונז צו ספּעציפיש-אידישלעכע ביטל-באַציאונג צו אויסערלעכע פאָרמען. שפּראַך-קולטור איז א קלייניקייט. „יאַק ני ריידעלע, אַבי דאָברע מיינעלע“ איז אונזערע אַן אלטע קלאָלע...

פאַראַיאָרן האָט כ' פּיסטראַק, אף איינער זיינער אַ לעקציע אין לעניג-גראַד וועגן דער קאָמפּלעקס-סיסטעם, באַוויזן אַ שלאל מיט העפטן פון אויס-לענדישע שולן, וואו מע לערנט לויט דערזעלביקער סיסטעם, און ער האָט איבערציינגט אַלעמען, אַז מע טאָר ניט אונזער אומקולטורעלקייט און אמע-

ראצעס פאַרשרייבן אַפן כעשבן פון קאָמפּלעקס... פאַרקערט, דערמיט וואָס די קאָמפּלעקס-סיסטעם (די עמעסע, פאַרשטייט זיך, ניט די פיקטיווע, וואָס דערלערנט דאָס לעבן אין... די פיר ווענט פון קלאַס) לערנט צו פאַרבינדן די קענטענישן מיטן לעבן און אָנווענדן זיי אין לעבן, גיט זי דעם לערער אין די הענט אַ מעכטיקן פעדאַגאָגישן סטימול, וואָס נאָר „ער קען צווינגען אונזערע אויגן זיך אָנצינדן, אונזער ווילן זיך אָנשטרענגען, אונזער סייכל זיך שאַרפן"[1].

„דאָר נאָך דאָר האָט געפּאַטערט די בעסטע קויכעס און ענערגיע אַף גויווער זיין דעם אַלעפבייז מיט זיינע אומגעלומפּערטע און פאַר קיינעם ניט אינטערעסאַנטע געקינצלט-צונויפגעקליבענע ווערטער, וואָס זיינען דערצו נאָך אַזוי צעשטעלט, ווי אין קיין איין ביכל ניט (שמאָלע ווערטער-סלופּיקעס). אָט אַף דער נודנער אַרבעט מיטן א"ב אין אַף דער ווייטערדיקער אויסאַרבעטונג פון לייען-מעכאַניזם איז אוועקגעגאַנגען אַ האַלב יאָר. און צוגלייך מיט דעם די נאָך מער נודנערע מעלאָכע — שרייבן, פריער פראָסטע שטעקעלעך, נאָכדעם שטעקעלעך פון אַלערליי סאָרטן, דערנאָך די אויסעס, ווי סטאַיעס שווארצע בושלעס, דערנאָך צופעליקע ווערטער, און נאָך שפּעטער — די ביז מעשוגע צו ווערן איינאַרטיקע פראַזעס מיט גרויסהאַנטיקע אויסיעס... און דערנאָך דיקטאַטן... און לעסאָף, דער שעדעווער פון אונזער ביזרעוואָלוציאָנערער שול — די „אויסלייגונג" (изложение), און דאָס אַלץ איבערגעפלאָכטן מיט פיינלעכע „אנאַליזן", עטימאָלאָגישע, סינטאַקסישע און אָרטאָגראַפישע, איינכאַזערונגען פון פילצאָליקע קלאָלים, און דערביי דאָס נודנע-אויסטייטשנדיקע „לייענען מיט דערקלערונגען"[2].

צום באַדויערן, האָט אונזער נייע שול גאַנץ אָפט צוזאַמען מיט די שמוציקע וואַסער, וואָס ס'איז נאָר וואָס אַזוי גלענצנד באַשריבן געוואָרן, ארויסגעגאָסן אויך דאָס קינד, די געוואוינהייטן גופע, און דאָס איז אויך איינע פון די סיבעס, וואָס האָבן געבראַכט צו דעם טרויעריקן צושטאַנד פון די געוואוינהייטן. ס'האָט זיך איינגעבירגערט אַ שעדלעכע „מעמיילע-טעאָריע": וויכטיק איז, הייסט עס, נאָר דער קאָמפּלעקסישער פעדאַגאָגישער פּראָצעס, די געוויינהייטן וועלן שוין „מעמיילע" קומען. ס'איז ניט נויטיק קיין פּראָגראַם, קיין סיסטעם, קיין איבונגען.

אָט דידאָזיקע קינדעריש-„לינקע" באַציאונג צו די פאָרמעלע געוואוינהייטן דאַרף קאַטעגאָריש און אַנטשיידן באַקעמפט ווערן. די געוואוינהייטן שפּילן אַ קאָלאָסאַלע ראָליע אין צוגרייטן די קינדער צום לעבנס-קאַמף און לעבנס-בויאונג. געוואוינהייטן זיינען ביכלאַל די באַזע פון אונזער טאָג-טעגלעכער האַנדלונג.

[1] Перовский. Сов. труд. школа стр. 235

[2] דאָרטן, ז. 236.

דער גרעסטער טייל פון אונזערע טאָטן, סיי פסיכישע, סיי פיזישע, קומען פאָר אָן דער אריינמישונג פון אונזער באַוואוסטזיין, זיינען, אַפן פסיכאָלאָגיע-לאָשן גערעדט, „א קייט פון ענג צווישן זיך פאַרבונדענע באדינגטע רעפלעקסן, וואָס ווערן טעטיק מעכאַניש באַ דער אָנוועזנהייט פון אנטשפרעכיקע אופרייצערס". מאָדנע וואָלט געווען, ווען איך וואָלט מוזן אַלע טאָג, גייענדיק אהיים, זוכן אַף אַ „שעפערישן אויפן" מיין דירע, ווי איך האָב זי געזוכט דאָס ערשטע מאָל באַם דינגען... שיין וואָלט אויסגעזען דער שרייבער, ווען ער וואָלט דאַרפן יעדעס מאָל איבערכאַזערן דעם שעפערישן פראָצעס פון אויסלערנען זיך שרייבן... ניט ווייט וואָלט אַוועק דער רעדנער, ווען ער וואָלט דאַרפן אלע ווילע „קריכן אין קעשענע נאָך אַ וואָרט". אָן פעסטע אַווטאָמאטיזירטע געוואוינהייטן וואָלטן אונזערע שעפערישע אַקטן ניט מעגלעך געווען. וואו וואָלטן מיר נעמען אַף זיי ענערגיע און צייט? אדאנק די אַווטאָמאטיזירטע געוואוינהייטן אין רעכענען, שפראַך, ארבעט-פראָצעסן א. א. שפּאָרן מיר איין אַ קאָלאָסאַלע ענערגיע אין צייט, וועלכע מיר האָבן די מעגלעכקייט צו פאַרווענדן אין אונזערע שע-פערישע אקטן, וואָס פאָדערן פיל ענערגיע און אנשטרענגונג, פיזישע אין פסיכישע, און אין דעם טאקע באשטייט די גרויסע ביאָסאָציאַלע פונקציע פון די אווטאָמאטיזירטע געוואוינהייטן.

„דער שעפערישער אַקט, וואָס פאָדערט פון אָרגאַניזם אַ גרעסערע אָנשטרענגונג און הויצאָע פון ענערגיע, און די אַווטאָמאַטישע געוואוינ-הייט, וואָס פאַרקלענערט אָט די הויצאָע ביז אַ מינימום — אָט די ביידע זיינען צוויי נויטווענדיקע און פאַר דעם מענטשנס לעבן-טעטיקייט גלייכ-ווערטיקע געצייג"[1].

בעסער געזאָגט, קעדיי נייע שעפערישע אקטן זאָלן קענען פאָרקומען איז נויטיק, אַז די פריער פאָרגעקומענע שעפערישע אקטן זאָלן פאַרוואַנדלט ווערן אין אַווטאָמאַטישע געוואוינהייטן, און צו דעם איז נויטיק די קעסיידער-דיקע איבונג און טרענירונג. צווישן איין שעפערישן אַקט אין צווייטן דאַרף זיין אַ סיסטעם פון איבונגען. אַנדערש בויט דער לערער אף זאַמד.

אָבער ס'איז אַ טאָעס, ווען מע מיינט, אַז די גוס-פּראָגראַם איז קעגן איבונג און טרענירונג. פאַרקערט, זי דערלאָזט אַפילע דאָס אויסטיילן ספּע-ציעלע געוואוינהייטן-שאָען מיט ספּעציעל צוגעקליבענעם מאַטעריאַל.

„מיר דערלאָזן ספּעציעלע איבונגען באַזונדער פון די קאָמפּלעקסן אף דעראָבערן טעכנישע קענטענישן און געוואוינהייטן אין געביט פון לייענען, רעכענען, שרייבן, מאָלן, האַנטאַרבעט, אָבער נאָר דעמאָלט, ווען די שילער וועלן אין דער צייט פון דערלערנען די קאָמפּלעקסן באַ-וואוסטזיניק באַמערקן די נויטווענדיקייט און צוועקמעסיקייט פון אַזעלכע איבונגען"[2].

---

[1] זע אויבנדערמ. פעראָווסקיס בוך. ז. 231.

[2] בריוו וועגן קאָמפּלעקס-אונטעריכט. ז. 11.

ווי מיר זעען, איז די גוס-פּראָגראַם ניט קעגן געוואוינהייטן, זי רופט נאָר, אַז די געוואוינהייטן זאָלן געגעבן ווערן ציל-באַוואוסט, פאַרבונדן מיט באַשטימטע לעבנס-נויטן, אין נאָמען פון באַשטימטע לעבנס-אינטערעסן און אָנגעווענדט צו קאָנקרעטע לעבנס-פראַגן. דער באַוואוסטזיניקער „צוליב-וואָס" איז דער לייטנדיקער שטערן פון דער נייער סאָוועטישער פעדאַגאָגיק. ער פירט צום אויפקום פון אַ נייעם מענטשן. דידאַקטישע ציל-באַוואוסטקייט איז אויך פון מעטאָדיש-אָרגאַניזאַציאָנעלן שטאַנדפונקט אַן אומגעהויערער פאַקטאָר, וואָס סטימולירט און אַקטיוויזירט דעם גאַנצן פעדאַגאָגישן פּראָצעס.

ווען מיר וועלן איצט צוגיין מיט דערדאָזיקער פעסט-איינגעשטעלטער קעגנבאַציאונג צווישן שעפערישן אַקט און געוואוינהייט צו דער פראַגע וועגן געוואוינהייט פון שריפטקענעוודיקייט, וועלן מיר דידאָזיקע קעגנבאַציאונג דערזען נאָך בולעטער.

וואָס איז אַזוינס שריפטקענעוודיקייט? „שריפטקענעוודיקייט, פאָרמולירט דער כ' זאָלאָטאַריאָוו אין זיינעם אַן אַרטיקל אין „ראָדנאָי יאַזיק ווי שקאָליע", דאָס איז אַ ביטנאַי-איינגעשטעלטע איינאַרטיקע באַצייכענונג און אויסשפּראַך פון ווערטער, און אין ברייטערן זין פון וואָרט אַ ביטנאַי-איינגעשטעלטע שטענדיקייט אין דער קעגנזייטיקער פאַרבינדונג פון ווערטער, אין זייער באַהעפטונג און אָנפירונג"[1].

איז אַזאַ ביטנאַי-איינגעשטעלטע פעסטע שריפטקענעוודיקייט סאָציאַל-נוצלעך, צוועקמעסיק? דאָס ווערט קלאָר נאָר דעמאָלט, ווען מיר קלייבן זיך פאַנאַנדער אין דער נאַטור פון דער שפּראַך.

דאָס וואָרט, די רייד, לערנט אונדז די רעפלעקסאָלאָגיע, זיינען בלויז סימבאָלן פון באַטייטן, געדאַנקען. וויאַזוי ווערט איינגעשטעלט די סימבאָלישע פאַרבינדונג צווישן וואָרט און באַטייט? דאָס קענען מיר לייכט באַמערקן אַף אַ פּרימיטיוון ביישפּיל. שטייט, לאָמיר זאָגן, אַ מאַמע מיט אַ יאָריק קינד אַף דער האַנט. אין שטוב איז טונקל. עס איז פאַרנאַכט. מיטאַמאָל ווערט ליכטיק, עס צינדט זיך אָן די עלעקטריע. די מאַמע שרייט אויס: ליכטיק. דאָס קינד קוקט דאָ אַף דאָס ליכט, דאָ אַף דער מאַמען און הערט זיך אויפמערקזאַם צו צום וואָרט וואָס זי זאָגט. ליכטיק, כאַזערט איבער איייניקע מאָל די מאַמע.. אינסטינקטיוו (ניט, ווי אַ באַוואוסטזיניקער פעדאַגאָג) גייט זי נאָך צו צום אויסשליסלער, פאַרלעשט און צינדט אָן איייניקע מאָל און זינגט צו בעיס מאַיסע מיט אַ ניגן: פינצטער, ליכטיק, פינצטער, ליכטיק... די פאַרבינדונג איז איינגעשטעלט. די איבונג האָט זי פאַרפעסטיקט. דער געלונגענער פאַראַלעל האָט זי נאָך בולעטער געמאַכט. פון היינט אָן וועלן שוין די ווערטער און באַטייטן אַרויסרופן איינע די אַנדערע. דאָס וואָרט „ליכטיק" איז געוואָרן אַ סימבאָל פון אַ באַשטימטן באַטייט.

---

[1] זע דערמאָנטן זאַמלבוך נומ. 11—12, 1926, ז. 169.

דער מענטש, וואָס באַזיצט די שפּראַך פאַרמאָגט גאַנצע אויצרעס פון אַזױנע איינפאַכע און קאָמפּליצירטע סימבאָלן, וואָס ער האָט איבערגענומען פון זיין געזעלשאַפטלעכער סוויווע. און דידאַקטישע סימבאָלן זיינען אין אָנויפהער-לעכן געברויך. ווען אַ שריפטקענעוודיקער לייענט אָדער הערט, קומט פאָר אַן אַריבערגאַנג פון די סימבאָלן צום געדאַנק, ווען ער שרייבט אָדער רעדט קומט פאָר דער איבערגאַנג פאַרקערט — פון געדאַנק צו די סימבאָלן. און קעדיי די גאַנצע ענערגיע פון ריידנדיקן, לייענענדיקן, שרייבנדיקן זאָל קענען זיין אָנ-געוואַנדט אַף דעם דענקען גופא — איז נויטיק, אַז דער דאָזיקער איבערגאַנג-פּראָצעס זאָל פאָרקומען וואָס לייכטער, שנעלער, אווטאָמאַטישער. אין דעמדאָ-זיקן פּראָצעס טאָרן ניט זיין קיין שום טאָרמאָזן, ד. ה., בענויגייע שפּראַך-גע-וואוינהייטן, פּאַשעט גרייזן. גרייזיקע רייד אין אַ בוך אָדער בא אַ רעדנער צעשטערט דעמדאָזיקן איבערגאַנג-פּראָצעס פון סימבאָל צום געדאַנק. דאָ דער-זעען מיר גלייך דעם סאָציאַלן באַטייט פון פעסטע שפּראַך-געוואוינהייטן. כאַאָטישע, ניטאָרגאַניזירטע רייד אָרגאַניזירט ניט דעם געדאַנק פון הערער אָדער לייענער, נאָר, פאַרקערט, צעשטערט אים.

עמעס, די סטאַביליזירטע שריפטקענעוודיקייט איז אַ גאַנץ רעלאַטיווער באַגריף. די שפּראַך איז אַ סאָציאַלע דערשיינונג, און אַלס אַזעלכע איז זי אונטערגעוואָרפן דער אַנטוויקלונג פון סאָציאַלן לעבן, ענדערט זיך צוזאַמען מיט אים. אָבער דאָך איז אין אַ באַשטימטן צייט-מעשעך, בא באַשטימטע גע-זעלשאַפטלעכע פאַרהעלטענישן פאַראַן אַ פעסטע פון אַלעמען אָנערקענטע שריפט-קענעוודיקייט. אַנדערש איז ניט מעגלעך קיין געזעלשאַפטלעכער פאַרקער, קיין געדאַנקען-לעבן ביכלאַל. דידאָזיקע שריפטקענעוודיקייט דאַרפן באַזיצן אַלע. זי איז אַ מעכטיק געווער אין קאַמף פאַרן לעבן. דאָס פאָלקסוואָרט באַדויערט שטאַרק אַ מענטשן אָן לאָשן: „ער האָט קיין מויל ניט", „אַ צוגעבונדענע צונג, נעבעך", „אַ שטומע נעשאָמע". פאַרקערט, א באַל-לאָשן ווערט געלויבט: „עס שיטן זיך אים פערל פון מויל", „מיט זיין צינגל וועט ער איבערגעען ניט פאַר-פאַלן ווערן", „ער קען זיך אויסטאַינען" א. א.

— נו, וועט פרעגן דער לייענער, איר רעדט אַלץ וועגן אַווטאָמאַטישע שפּראַך-געוואוינהייטן — און וואו איז דער שעפערישער שפּראַך-אַקט? ניט שוין-זשע שפּילט ער שוין גאָר קיין ראָליע ניט אין לעבן?

איז אָט וועגן דעם ווילן מיר טאַקע איצטריידן. דער שעפערישער שפּראַך-אַקט שפּילט אַ געוואַלדיקע ראָליע אין לעבן ביכלאַל און אין לעבן פון דער שפּראַך ביפּראַט. אַף אים האַלט זיך די גאַנצע לעבעדיקע אַנטוויקלונג פון דער שפּראַך. ווען ניט ער, וואָלט די שפּראַך פאַרגליווערט געוואָרן אין אַ שטייענדיקן געמייזעכץ. אָבער צי דען איז דער שעפערישער שפּראַך-אַקט סוי-סער די אַווטאָמאַטישע שפּראַך-געוואוינהייטן? בעשומויפן ניט. פאַרקערט ער באַזירט זיך אַף זיי. אַנדערש, וואָלט די שפּראַך-שעפערישקייט פונם יאָכיד

געבליבן אויסער די ראַמען פון דער געזעלשאַפט און אָן קיין שום ווירקונג אף איר. ווען האָפשטיין באַגייסטערט אונז אַזוי מיט זיין פערז:

וי אינזעלעך פון מענטשן-רו
אין שטרוי פאַרהילט, אף נאַכט פאַרוואַרעמט,
מיט שטאַל און פלויט אין שלאָף געאַרעמט
פאַר הייזעלע אַ הייזעלע האַלט זיך צו.

איז עס דערפאַר, ווייל דידאַקטיק שעפערישקייט דערוועקט אין אונז אַ גאַנצע ריי אַוטאָמאַטיזירטע שפּראַך-געוואוינהייטן. אַנדערש וואָלט ער אינגאַנצן ניט געווען פאַרשטענדלעך פאַר אונז.

צי דאַרפן מיר שטרעבן צו אַנטוויקלען באַם קינד די שפּראַך-שעפערישקייט? געוויס און געוויס! דער שעפערישער שפּראַך-אַקט איז ניט ווייניקער סאָציאַל-נוצלעך, ווי די אַוטאָמאַטישע שפּראַך-געוואוינהייטן, ווייל אַנדערש וואָלט הייסן ניט באַהערשן די שפּראַך, נאָר זיין צו איר פאַרשקלאַפט. און די קאָמפּלעקס-סיסטעם איז טאַקע אָט די סיסטעם, וואָס גיט קאָלאָסאַלע מעגלעכקייטן פאַר שעפערישע שפּראַך-אַקטן. די סיסטעם פון די קאָמפּלעקסן פירט אַריין דאָס קינד פון קוידעש צו כוידעש, פון יאָר צו יאָר אין אַלץ אַ ברייטערן קרייז פון לעבן- און נאַטור-איינדרוקן, זי גיט אים אַ גאַנצע ריי פּראָדוקציר-טעכנישע געוואוינהייטן. דאָס אַלץ ווערט אויסגעדריקט אין דער שפּראַך. צי דען איז דאָ ניטאָ קיין פּלאַץ פאַר שפּראַך-שעפערישקייט? דער לערער דאַרף נאָר קענען ראַציאָנעל און מעטאָדיש-אָרגאַניזירט אויסנוצן אָט די גרויסע מעגלעכקייטן.

און דער אויספיר, וואָס מיר מאַכן דערפון איז אַזאַ: דער שפּראַך-לימעד דאַרף, ווי דער גאַנצער פּעדאַגאָגישער פּראָצעס, געפירט ווערן אין צוויי ריכטונגען — אין דער ריכטונג פון אַנטוויקלען די פעאיקייטן פונם קינד צו שעפערישער שפּראַכלעכער טעטיקייט, און אין דער ריכטונג פון אויסאַרבעטן באַ אים פעסטע אַוטאָמאַטיזירטע געוואוינהייטן (הורך אָרגאַניזירטער סיסטעמאַטישער איבונג).

קעדיי אָבער די אַרבעט אין שפּראַכלעכן געביט זאָל דורכגעפירט ווערן מיט דערפאָלג זיינען נויטיק אַזוינע גרונטיקע פאָרבאַדינגונגען:

א. ברייטע קענטענישן פונם קעגנשטאַנד. קעדיי דער לערער זאָל ווירקלעך קענען געבן זיינע טאַלמידים די נויטיקע שפּראַך-קענטענישן און געוואוינהייטן און אַנטפּלעקן פאַר זיי די שעפערישע שפּראַך-פּראָצעסן איז נויטיק, אַז ער זאָל אַליין באַזיצן אין אַ גענוגנדיקער מאָס (פיל מער, וויפל ער דאַרף געבן די שילער) די שפּראַך-קענטענישן און געוואוינהייטן, אַליין זיין באַהאַוונט אין די שעפערישע פּראָצעסן פון דער שפּראַך און קענען מיט זיי אָפּערירן אין זיין טאָגטעגלעכער שול-אַרבעט.

ב. באַהערשן די מעטאָדיק פונם קעגנשטאַנד. אין די לעצטע יאָרן האָט זיך איינגעשטעלט אַ גרינגשעציקע באַציאונג צו מעטאָדיק, באַזונדערס צו פראַגן וועגן בוי פון אַ לימעד. דער באַזונדערער לימעד (אין זין פון урок) האָט אופגעהערט צו אינטערעסירן. דאָס איז אַ שעדלעכער אָפּנויג. דער פּע-דאַגאָגישער פּראָצעס איז סאָפּקאָלסאָף אַ קייט פון באַזונדערע לימודים — ווען די לעצטע וועלן ניט דורכגעפירט ראַציאָנעל, פאַלט דורך די גאַנצע אַרבעט. און בויען אַ לימעד בויט מען באַ אונז זייער שלעכט. אָפּט פאַקט מען אַריין אין איין שאָ צופיל מאַטעריאַל, אָפּט פאַטערט מען אַ שאָ א גאַנצע אַף אַ נאַרישקייט. מיר קענען ניט קיין פראַגע שטעלן. אָפּט שטעלן מיר די פראַגע אַזוי, אַז די קינדערשע אַקטיווקייט בלייבט שוין איבעריק. אָפּט ווידער פירן מיר מיט אונזערע פראַגן די קינדער אַראָפּ פון וועג. מיר באַזאָרגן אויך ניט דעם לימעד מיט דעם נויטיקן דידאַקטישן מאַטעריאַל, וואָס זאָל אים מאַכן אָנשוילעך און אינטערעסאַנט.

ניט וויניקער וויכטיק זיינען אויך די פראַגן וועגן איינפלעכטן די גע-וואוינהייטן אין דער קאָמפּלעקס-טעמע און ווי פאַרבינדן די פאַרשיידענע אָפּ-צווייגן פונם שפראַך-לימעד צווישן זיך אַזוי, אַז זיי זאָלן העלפן איינע די אַנדערע, ווי פאַרטיילן צווישן זיי שפּאָרעוודיק די קנאַפּע צייט. וואָס דער שפראַך-לימעד האָט אין זיין רעשוס.

די מעטאָדיק איז באַזונדערס וויכטיק פאַר אונזער שול. די אַלטע שול האָט אָפּט דערגרייכט שפראַכלעכע דערפאָלגן מיט קאַמעסדיקע מיטלען, דורך פאַרגרעסערן די צאָל שאָען. מיר קענען דאָס ניט, ווייל אונזער שול האָט נאָך אַ סאַך אַנדערע ניט וויניקער וויכטיקע אויפגאַבן, וואָס פון זיי קענען מיר זיך בעשומויפן ניט אָפּזאָגן. די שאָען פאַר געוואוינהייטן מוזן אין אונזער שול זיין באַגרענעצט. דאַרפן מיר, בעכיין, דעראָבערן די געוואוינהייטן דורך מעטאָדישער קוואַליפיקאַציע, דורך באַנוצן אַזוינע אַקטיוו-שעפערישע לערן-מע-טאָדן און איבונגען, וואָס זאָלן געבן די מאַקסימאַלסטע רעזולטאַטן.

ג. פּלאַנירונג און דיסקאָנט. די ערגסטע סיסטעם איז בעסער, ווי די בעסטע סיסטעמלאָזיקייט. סיסטעמלאָזיקייט נעמט אָפּ אָן אַ שיר ענערגיע און גיט דעם מינימום רעזולטאַטן. גוט פּלאַנירן די אַרבעט, אַז זי זאָל פירן דעם תּלמיד באַרגאַרויף פון שטאַפּל צו שטאַפּל, איז איינע פון די וויכטיקסטע אופגאַבן פונם לערער. ניט וויניקער וויכטיק איז די פראַגע וועגן דיסקאָנט. א גוט-אָרגאַניזירטער, אויסגעפּרואוווטער דיסקאָנט פון די קינדערשע קענטענישן איז איינער פון די וויכטיקסטע פאַרבאַדינגען פון אַ דערפאָלגרייכער אַרבעט אין שול אין געביט פון שפּראַך. אָן דעם וועט דער לערער בלאָנזשען אין דער פינצטער. דיסקאָנט איז נויטיק גלייך אין די ערשטע טעג, ווי דאָס קינד קומט אָן אין שול. ער איז נויטיק אַף אלע וויכטיקע קער-פונקטן. „ווילסטו אָנפירן — דאַרפסטו פּאָרויסזען" דער קלאַל איז אויך דאָ גילטיק. אָבער צו פּאָרויסזען איז נויטיק דיסקאָנט.

אַט דאָס זיינען די וויכטיקסטע פאָרבאַדינגען, וואָס זיינען נויטיק פאַר אַ פּרוכטבאַרער אַרבעט אין געביט פון שפּראַך-לימעד. דער ערשטער פּונקט געהער ניט צו אונז, די פראַגע וועגן שפּראַך-קענטעניש גייט ניט אַריין אין די אויפגאַבן פונם ביכל. מיט די לעצטע צוויי פּונקטן וועלן מיר זיך פאַרנע-מען אין די ווייטערדיקע פּראָקים.

## ליטעראַטור:

וועגן שפּראַך-לימעד און קאָמפּלעקס:

1. Новые программы ГУС'а.
2. Афанасьева. Краткая методика.
3. Малаховский — Очерки по методике.
4. Перовский — Советская трудовая школа.
5. Родной язык в школе, 1926, № 11—12, стр. 169—199.

אַלג. שפּראַך-קענטעניש:

1. Ушаков — Краткое введение в науку о языке.
2. Рыбникова — Книга о языке.
3. Шор — Язык и общество.
4. זאַרעצקי — פּראַקטישע גראַמאַטיק.

# II. מעטאָדיק פון לייענען און שרייבן

1. וועגן שוועריקייטן בײַם לערנען לייענען און שרייבן. דער לימעד פון לייענען און שרייבן איז אַ „האַרטער נוס" פאַר דער שול מעטאָדיסטן פירן צווישן זיך פייערדיקע מאַכלוקעסן. איז טאַקע דאָס לערנען לייענען און שרייבן אַזאַ האַרבער איניען פאַר קינדער פון אָנהויב שול-עלטער? געוויס ניט.

„אין דערווירקלעכקייט, שרייבט דער פּעדאַלאָג בלאָנסקי, איז פאַר קינדער, וואָס פאַרמאָגן סייכלדיקע אַנטוויקלונג פון 7 יאָר און מער, דער לימעד ניט קיין שווערער פּראָצעס. ניט ווייניק קינדער לערנען זיך אויס לייענען און שרייבן אַליין פון זיך. וואָס עס וואָלט אומעג-לעך געווען, אויב דער לימעד וואָלט פאַר קינדער ווירקלעך געווען אַזוי שווער. פון דער אַנדערער זייט ווייסן מיר, אַז קינדער, עלטערע פון 9 יאָר, וואָס פאַר זיי איז דער לימעד ניט איינצובייסן, זיינען ניט מער ווי בײַ 2%, דערבײַ האָט דערדאָזיקער פּראָצענט די טענדענץ צו ווערן נידעריקער"[1].

---

[1] בלאָנסקי. „פּעדאָלאָגיע אין דער מאַסן-שול פון דער 1-טער שטופע", 4-טע אויס-גאַבע, ז. 47.

און דאָך איז בלאָנסקי ניט גערעכט, ווען ער זאָגט, אַז די מעטאָדיסטן האָבן צופיל צעבלאָזן די פראַגע. דער לימעד פון לייענען און שרייבן איז ווירקלעך פאַרבונדן מיט פיל פּיינלעכע מאָמענטן, וואָס זיינען גאַנץ גוט באַ-קאַנט יעדן לערער, וועלכער האָט נאָר ווען עס איז געהאַט צו טאָן מיט אים. עמעס איז, אַז קינדער לערנען זיך אָפּט אַליין אויס איוורע, (באַ אַ פּאַסיקער סוויווע); עמעס איז אויך, אַז פון פּעדאַגאָגישן שטאַנדפּונקט איז דאָס געוויינ-לעך ניט צו שווער פאַר דעם 7—8 יאָריקן עלטער, אָבער דאָך דאַרף מען ניט פאַרגעסן, אז מיר הויבן אָן איוורע מיט קינדער, וואָס זיינען נאָך גאַנץ שוואַך אַנטוויקלט, באַזונדערס אין דער מאַסן-שול, וואו עס לערנען זיך ס׳ראָוו קינ-דער פון דער אָרעמקייט, קינדער, וואָס זיינען אַבסאָלוט ניט צוגעגרייט. בע-כיין, איז די אָנגעשטרענגטע אַרבעט פון דער מעטאָדיק אַף דעמדאָזיקן געביט בעפיירעש ניט איבעריק. דער לערער טאָר ניט גרינג שאַצן דידאָזיקע העכסט-נויטיקע אַרבעט, אַסאַך שוועריקייטן אין גראַמאַטע-לימעד קומען אָפּט פון דעם, וואָס דער לערער באַהערשט שוואַך דעם מעטאָד, אַסאַך ווייטיקדיקע מאָמענטן וואָלט דער לערער אויסמיידן, ווען ער וואָלט מער געווען באַקאַנט מיט דער ליטעראַטור וועגן דערדאָזיקער פראַגע.

2. איוורע אין קאָמפּלעקס. אין די באַדינגונגען פון דער סאָוועט-טישער אַרבעטשול ווערט די פראַגע וועגן איוורעדיקייט נאָך קאָמפּלי-צירטער. די אַלטע שול, די שול פון באַזונדערע לימודים, האָט געהאַט איין דאַיגע: אַ מעטאָד. זי האָט געהאַלטן אין איין זוכן א קלוגן, אַ סייכלדיקן מעטאָד, וואָס זאָל לייכטער און קירצער מאַכן דעם האַרבן פּראָצעס פון אויסלערנען זיך לייענען. פאַר דער נייער שול, וואָס אַרבעט לויט דער קאָמפּלעקס-סיסטעם, שטייט פריער פון אַלץ די פראַגע וועגן דעם אָרט פון איוורע אין קאָמפּלעקס. דאָס לייענען און שרייבן איז די ערשטע „פאָרמעלע געוואוינהייט״, וואָס דאָס קינד באַקומט אין שול, די געוואוינהייט, וואָס גיט דעם קינד די מעגלעכקייט צו באַקומען אַ צוטריט צו די אוצרעס פון דער מענטשלעכער קולטור, וואָס פאַרוואַנדלט אים אין אַ סאָציאַלער באַשעפעניש פון א העכערער מאַדרייגע. איז דען מעגלעך, אז דידאָזיקע העכסט-וויכטיקע געוואוינהייט זאָל צוגעטראָגן ווערן דעם קינד אין אַזאַ אומבאַזיניקטער פאָרם, ווי דאָס איז געווען אין דער אַלטער שול? און באַזיניקן דאָס לייענען איז מעגלעך נאָר דאַן, ווען עס וועט ווערן אַן אָרגאַנישער טייל פון דער גאַנצער שול-אַרבעט פון דעם גאַנצן שעפערישן פּעדאַגאָגישן פּראָצעס.

מיינען אָבער פיל, אַז ס׳איז גענוג אויסצונוצן דעם קאָמפּלעקס-מאַטע-ריאַל פאַר לייענען, און דערמיט ווערט די פראַגע געלייזט. געוויס איז דאָס אויך אַ פּעדאַגאָגיש-נוצלעכע זאַך, און דאָס, וואָס עס איז איצט שוין געוואָרן אַן אומבאַשטרייטבאַרער עמעס, איז געוויס אַ גרויסע דערגרייכונג פאַר דער שול. ווירקלעך, ס׳איז שוין שווער זיך פאָרשטעלן א לערער, וואָס זאָל לערנען

און דאָך איז בלאָנסקי ניט גערעכט, ווען ער זאָגט, אַז די מעטאָדיסטן האָבן צופיל צעבלאָזן די פּראַגע. דער לימעד פון לייענען און שרייבן איז ווירקלעך פאַרבונדן מיט פיל פיינלעכע מאָמענטן, וואָס זיינען גאַנץ גוט באַקאַנט יעדן לערער, וועלכער האָט נאָר ווען עס איז געהאַט צו טאָן מיט אים. עמעס איז, אַז קינדער לערנען זיך אָפט אַליין אויס איוורע, (באַ אַ פּאַסיקער סוויווע); עמעס איז אויך, אַז פון פּעדאַגאָגישן שטאַנדפּונקט איז דאָס געוויינ. לעך ניט צו שווער פאַר דעם 7—8 יאָריקן עלטער, אָבער דאָך דאַרף מען ניט פאַרגעסן, אַז מיר הויבן אָן איוורע מיט קינדער, וואָס זיינען נאָך גאַנץ שוואַך אַנטוויקלט, באַזונדערס אין דער מאַסן-שול, וואו עס לערנען זיך ס'ראָוו קינדער פון דער אָרעמקייט, קינדער, וואָס זיינען אַבסאָלוט ניט צוגעגרייט. בעכיין, איז די אָנגעשטרענגטע אַרבעט פון דער מעטאָדיק אַף דעמדאָזיקן געביט בעפּיירעש ניט איבעריק. דער לערער טאָר ניט גרינג שאַצן דידאָזיקע העכסט-נויטיקע אַרבעט, אַסאַך שוועריקייטן אין גראַמאַטע-לימעד קומען אָפט פון דעם, וואָס דער לערער באַהערשט שוואַך דעם מעטאָד, אַסאַך וויכטיקע מאָמענטן וואָלט דער לערער אויסמיידן, ווען ער וואָלט מער געווען באַקאַנט מיט דער ליטעראַטור וועגן דערדאָזיקער פּראַגע.

2. איוורע אין קאָמפּלעקס. אין די באַדינגונגען פון דער סאָוועטישער אַרבעטשול ווערט די פּראַגע וועגן איוורעדיקייט נאָך קאָמפּליצירטער. די אַלטע שול, די שול פון באַזונדערע לימודים, האָט געהאַט איין דאַיגע: אַ מעטאָד. זי האָט געהאַלטן אין איין זוכן א קלוגן, אַ סייכלדיקן מעטאָד, וואָס זאָל לייכטער און קירצער מאַכן דעם האַרבן פּראָצעס פון אויסלערנען זיך לייענען. פאַר דער נייער שול, וואָס אַרבעט לויט דער קאָמפּלעקס-סיסטעם, שטייט פריער פון אַלץ די פּראַגע וועגן דעם אָרט פון איוורע אין קאָמפּלעקס. דאָס לייענען און שרייבן איז די ערשטע „פאָרמעלע געוואוינהייט", וואָס דאָס קינד באַקומט אין שול, די געוואוינהייט, וואָס גיט דעם קינד די מעגלעכקייט צו באַקומען אַ צוטריט צו די אוצרעס פון דער מענטשלעכער קולטור, וואָס פאַרוואַנדלט אים אין אַ סאָציאַלער באַשעפעניש פון א העכערער מאַדרייגע. איז דען מעגלעך, אַז דידאָזיקע העכסט-וויכטיקע געוואוינהייט זאָל צוגעטראָגן ווערן דעם קינד אין אַזאַ אומבאַזיניקטער פאָרם, ווי דאָס איז געווען אין דער אַלטער שול? און באַזיניקן דאָס לייענען איז מעגלעך נאָר דאַן, ווען עס וועט ווערן אַן אָרגאַנישער טייל פון דער גאַנצער שול-אַרבעט פון דעם גאַנצן שעפערישן פּעדאַגאָגישן פּראָצעס.

מיינען אָבער פיל, אַז ס'איז גענוג אויסצונוצן דעם קאָמפּלעקס-מאַטעריאַל פאַר לייענען, און דערמיט ווערט די פּראַגע געלייזט. געוויס איז דאָס אויך אַ פּעדאַגאָגיש-נוצלעכע זאַך, און דאָס, וואָס עס איז איצט שוין געוואָרן אַן אומבאַשטרייטבאַרער עמעס, איז געוויס אַ גרויסע דערגרייכונג פאַר דער שול. ווירקלעך, ס'איז שוין שווער זיך פאָרשטעלן א לערער, וואָס זאָל לערנען

גראַמאַטע אַף ווערטער און פראַזן, וואָס זיינען אינגאַנצן ניט אַריין אין דער קאָמפלעקסישער טעמע, אין דעם שמועס אָדער דער מאַיסעלע, וואָס איז ספּע-ציעל צו דער טעמע צוגעקליבן געוואָרן. דאָס וואָלט דאָך געהייסן, פון עלע-מענטאַר פעדאַגאָגישן שטאַנדפונקט, בויען אַף זאַמד, זיך ניט רעכענען אינ-גאַנצן מיטן קאָנקרעטן דענקען פונם קינד, צערייסן אומזיסט-אומנישט, און מיט גרויסן שאָדן פאַר דער גראַמאַטע-זאַך, די איינגעשטעלטע אופמערק-זאַמקייט פונם קינד.

אָבער דערדאָזיקער אומבאַשטרייטבאַרער פעדאַגאָגישער עמעס לייזט נאָך ניט די פּראָבלעם פון אָרגאַנישן איינפלעכטן די גראַמאַטע אין קאָמ-פלעקס, באַזיניקן זי. דידאָזיקע פּראָבלעם ווערט געלייזט נאָר דעמאָלט, ווען די גראַמאַטע קומט, ווי אַ לעבנס-נויטווענדיקער שעפערישער אקט, ווי אַ גע-זעלשאַפטלעך-ניצלעכער אָרגאַניזירנדיקער פאַקטאָר, ווען די קינדער אַליין דער-גייען צום געדאַנק, אַז זייער אָנגעקליבענע לעבנס-דערפאַרונג, וואָס זיי באַקו-מען אין פּראָצעס פון קאָמפלעקסישער לעבנס-דערלערנונג, און זייער געזעלשאַפט-לעכע אָרגאַניזאַציע, וואָס איז אופגעקומען באַ דערדאָזיקער דערלערונג, מוז באַקומען דעם אויסדרוק אין געשריבענעם וואָרט. דער מאָמענט, אויב ער קומט נאָר ארויס עפעקטפול (און די אופגאַבע פון לערער איז אַזוי צו אָר-גאַניזירן די ארבעט, אַז דערדאָזיקער עפעקטפולער מאָמענט זאָל זיך באַקו-מען), באַזיניקט דעם גאַנצן גראַמאַטע-פּראָצעס, און מאַכט מעגלעך פאַרשיידנ-אַרטיקע איבונגען, אַפילע אַף מאַטעריאַל, וואָס איז אויסערן קאָמפלעקס (און די איבונג איז נייטיק און נוצלעך), ווייל די קינדער וויסן צוליב וואָס זיי טוען דאָס. דער גאַנצער לימעד ווערט אַף אַזאַ אויפן, סאָציאַל-באַזיניקט און פעדאַגאָגיש סטימולירט אַפן העכסטן גראַד.

קען מען עס דורכפירן אין לעבן? גיט די קאָמפלעקס-סיסטעם מעגלעכ-קייטן צו באַזיניקן דעם איוורע-לימעד? געוויס. די גאַנצע אַרבעט נאָך דער גוספראָגראַם איז אַזוי געבויט, אַז דער טאַלמיד דאַרף שטענדיק פירן באַאָ-באַכטונגען, קאָנטראָלירן און פאַרגלייכן זיי, אָפּגעבן וועגן זיי אַ באַריכט, ער דאַרף שטענדיק טראַכטן וועגן דעם, ווי די באַאָבאַכטונגען צו פארהיטן, פאַר-פעסטיקן זיי מיט וואָסערע ס'איז צייכנס, סימאָנים, קעדיי ער זאָל שטענדיק קענען זיי אויסנוצן. ער דאַרף, ווייטער, אָרגאַניזירן דאָס שול-לעבן, אויסאַר-בעטן אופירונג-קלאָלים, פאַרשרייבן זיי, רעגיסטרירן דעם באַזוך, אויסאַר-בעטן פלאַקאַטן, לאָזונגען א. א. וו. א. א. וו. בעקיצער, באַ דער קאָמפלעקס-סיסטעם איז אַף יעדער טריט און שריט נויטיק די שריפטקענעוודיקייט. דער לערער דאַרף נאָר די זאַך אָרגאַניזירן אזוי געשיקט, אַז די נויטווענדיקייט אין שריפטקענעוודיקייט זאָל אויסוואַקסן וואָס גיכער און וואָס העפטיקער, און זאָל ער האָבן אַ ביסעלע געדולד צו וואַרטן ביז דערדאָזיקער גליקלעכער מאָמענט וועט רייף ווערן און אָנקומען. די דערפאָלגן וועלן דעמאָלט זיין שנעלערע און מער זיכערע.

3. סיסטעם און מעטאָד. ס'איז אָבער ווייניק „אָרגאַניש איינ־פלעכטן דעם איוורע־לימעד אין קאָמפּלעקס", אז די קינדער זאָלן אים פאַרזי־גענען. ווייניקער פון אלץ זיינען מיר געגויגט צו פאַרלאָזן זיך אַפן „קאָמ־פלעקס־באַראָט". דער לערער דאַרף באַהערשן, און גוט באַהערשן א וואָסער ס'איז מעטאָד. אַנדערש וועט ער בלאָנזשען און וואַרפן זיך אין אַלע זייטן, ווי א שיף אָן אַ רודער.

די פאַרשפּרייטסטע מעטאָדן אין אונזער שול זיינען באַ היינטיקן טאָג צוויי: דער קלאַנגען־מעטאָד און דער מעטאָד פון גאַנצע ווערטער (דער אַמע־ריקאַנער מעטאָד).

דער קלאַנגען־מעטאָד איז, ווי באַוואוסט, אויפגעקומען אין אָנהויב 19-טן יאָרהונדערט (1803) ווי א רעוואָלוציאָנערער מעטאָד. מיט „שטורם און דראנג" האָט ער זיך געלאָזן אין אָנגריף אַף דעם פאַרעלטערטן מיטלאַלטער־לעכן קאָמעץ־אַלעף־מעטאָד. ניט מעכאַניש כאַזערן אָן אַ סאָף קאָמעץ־אַלעף—אָ, קאָמעץ־בייס — באָ, קאָמעץ־ג — גאָ א. א. וו., אויך ניט (לויטן פאַריינפאַכטן קאָמעץ־אַלעף־מעטאָד) בע־אָ — באָ, גע־אָ — גאָ, דע־אָ — דאָ, א. א. וו., נאָר אויסלערנען די קינדער פאַרבינדן די אויסיעס מיט „נאַטירלעכע ריינע" קלאַנ־גען (ב, ג, ד, אַ, אָ, ו, א. א. וו.) און אף דעמזעלביקן „נאַטירלעכן" אופן צונויפגיסן די באַזונדערע „ריינע" קלאַנגען אין טראַפן פון ווערטער: ב...אַ — באַ, ג...אַ — גאַ א. א. וו.

דער שטורם־ און דראנג־פעריאָד" פונם קלאַנגען־מעטאָד איז שוין לאַנג פאַריבער. איצט איז ער שוין א קאַנאָניזירטער מעטאָד און האָט שוין אויסגע־שטיין פאַרביסענע אָנפאַלן מיצאַד זיין ייִנגערן ברודער — דעם אַמעריקאַנער מעטאָד. דער לעצטער לייקנט אָפּ קאַטעגאָריש די גרונט־האַנאָכע פון קלאַנגען־מעטאָד, אַז ווערטער באַשטייען פון אויסיעס, וואָס אנטשפּרעכן באַשטימטע ריינע קלאַנגען. דער אמעריקאַנער מעטאָד באַטראַכט די ווערטער ווי איינ־הייטלעכע אידעאָגראַמעס ווי צייכנס פון באַטייטן (ווי, לעמאָשל, די אריפ־מעטישע צייכנס +, × א, א.). ער שטרעבט איינשטעלן בא די קינדער פעסטע אַסאָציאַציעס צווישן וואָרט (אָדער אַפילע פראַזע), אלס אידעאָגראַמע און זיין באַטייט. ער לערנט דעריבער לייענען (פאַרגעדענקען) גאַנצע פראַזן, ווערטער מיטאַמאָל.

איז וואָסער מעטאָד איז אַ בעסערער, אַ ראַציאָנעלערער? אַף דעם ענט־פערן מיר אזוי: דער מעטאָד איז א בעסערער, וואָס אנטשפּרעכט מערער: א) די פאָדערונגען פון דער סאָוועטישער אַרבעט־שול, ב) די פאָדערונגען פון דער שפּראַכוויסנשאַפט. די פאָדערונגען פון אונזער שול בענוגעייע איוורע האָבן מיר שוין באַטראַכט אויבן אין פונקט 2. מיר מוזן איצט, אף אַזאַ אופן באַטראַכטן די פאָדערונגען, וואָס די שפּראַכוויסנשאַפט שטעלט ארויס צום מעטאָד פון לערנען לייענען און שרייבן.

## 4. וואָס לערנט אונז די וויסנשאַפטלעכע שפּראַכקענטעניש וועגן וואָרט, קלאַנג און אָס? [1]

א. וועגן וואָרט: דאָס וואָרט איז ניט קיין פּאַשעטע סומע פון באַזונדערע קלאַנגען. „טיש" איז ניט קיין סומע פון באַזונדערע רייִנע קלאַנגען ט, י, ש. ברענגט ארויס פון מויל די ווערטער „טיש" און „טוש" און באַטראַכט בייסמאַיסע דעם צושטאַנד פון אייער מויל, וועט איר זען, אַז ער איז אַן אנדערער באַ „טיש" און אַן אנדערער באַ „טוש", כאָטש $^{2}/_{3}$ פון די קלאַנגען זיינען דאָ איין און דיזעלביקע. דער מיטלסטער וואָקאַל ווירקט אף דעם פאָרגייענדיקן און נאָכגייענדיקן קאָנסאַנאַנט, אַז זיי זאָלן ארויסגעבראַכט ווערן אינגאַנצן אף אַן אנדער אויפן. דאָס וואָרט איז ניט קיין פּאַשעטע סומע פון באַזונדערע קלאַנגען, נאָר אַן אייגנאַרטיקער קלאַנגען-קאָמפּלעקס.

ב. וועגן קלאַנג און אָס: פון דעם פריער-געזאָגטן איז שוין קלאָר, אַז סע קען קיין רייד ניט זיין, אז אַן אָס זאָל האָבן איין באַשטימטן קלאַנגען-באַטייט. יעדער אָס איז אַ צייכן פון אַ גאַנצער קאַטעגאָריע קלאַנגען. אין קאַ, קאָ, קע, קו, קי — איז דער „ק" פאַרשיידן. ווען מע נעמט נאָך אין אַכט דעם אונטערשייד צווישן ווייכע און הארטע קאָנסאַנאַנטן (פאַרגל. „לענין" און „לעבן"), צווישן אקצענטירטע און ניט אַקצענטירטע וואָקאַלן (פאַרגל. דעם „ע" אין „בעט" און „בעסאָד"), די אַסימילאַציע-דערשיינונגען אין דער שפּראַך א. א. — זעט מען דעמאָלט באַשיינפּערלעך די פאַרשיידנאַרטיקע מעגלעכקייטן, וואָס ס'זיינען באַהאַלטן אין יעדן אָס.

ג. איז אָבער פון דעם געדרונגען, אז דאָס שריפטלעכע וואָרט איז אַן אידעאָגראַמע? בעשומויפן ניט! אַזאַ אויספיר מאַכן וואָלט הייסן ניט מער און ניט ווייניקער, ווי דערקלערן אונזער שריפט פאַר א היעראָגליפישער און אונזער איוורע פאַר א כינעזישער אָדער עגיפּטישער... דער אָס פאַרמאָגט פיל פּאָטענציעלע קלאַנגען-מעגלעכקייטן, אָבער אָט די אַלע מעגלעכקייטן האָבן צווישן זיך עפּעס שוטפעסדיקעס. און אָט דאָס שוטפעסדיקע שפּילט זייער א גרויסע ראָל: עס איז דער אלגעמיינער אבסטראהירטער קלאַנגען-באַטייט פון געגעבענעם אָס. פאַרן אָס „ק" איז דאָס, לעמאָשל, דאָס אנשפּאַרן פון צונג מיט זיין הינטערשטן טייל אין גומען. דאָס איז דער אלגעמיינער רעפלעקס, וואָס דער אָס „ק" רופט ארויס בא אונז. ס'איז קלאָר, אז אָט דער אבסטראַהירטער קלאַנג קען פון מויל ניט ארויסגעבראַכט ווערן, ווייל ארויסגעבראַכט איז ער שוין קאָנקרעט, קו, אָדער יִק (דערמאָנט זיך, ווי א איד רעדט ארויס דאָס רוסישע וואָרט к). ס'איז אָבער אויך קלאָר, אז מע קען זיך ניט אויסלערנען לייענען, קאָלזמאַן מע פאַרבינדט ניט, מע שטעלט ניט איין קיין פעסטע אַסאָציאַציע צווישן אָס און דעם אבסטראהירטן קלאַנגען-באַטייט זיינען. אונ-

[1] קעדיי ניט צו פאַרפּלאָנטערן די פראַגע, לאָז איך דאָ אויסן די פראַגע וועגן וואָרט און באַהעפט.

זער שריפט איז סאָפּקאָלסאָף א פאָנעטישע און ניט קיין אידעאָגראַפישע אנדערש, ווי וואָלטן מיר קענען איבערלייענען ווערטער, וואָס זייער אינהאלט איז אונז לאַכלוטן אומבאקאנט? דאָס שריפטלעכע וואָרט איז טאקע ניט קיין פּאַשעטע סומע פון באַזונדערע „ריינע" אויסיעס־קלאַנגען, אבער עס איז אויך ניט קיין הירעאָגליפישער צייכן פון א באַטייט. עס איז א קאָמפּלעקס פון די אבסטראהירטע קלאנגען־באטייטן, פּלוס די קאָנקרעטע באפארבונגען, וואָס די־דאַזיקע באטייטן באַקומען אין ריידן.

5. אויספירן. ארויסגייענדיק פון אָט די געבראַכטע גרונט־האַנאַכעס וועגן וואָרט, אָס און קלאַנג, קומען מיר צו דער פולער איבערצייגונג, אז זייער גערעכט איז בלאָנסקי, ווען ער זאָגט, אז „סיי דער, סיי יענער (דער קלאנגען־מעטאָד און דער אַמעריקאנער מעטאָד) זיינען אף איין אופן — א מעטאָדישע אויסטראכטעניש, וואָס האָט ניט קיין שום רעאַלע גרונטן און איז א פּרוכט פון אמעראַצעס אין שפּראַכקענטעניש און פּעדאלאגיע"[1]. בעעמעס, וואָס טוט דער קלאנגען־מעטאָד? ער לערנט די קינדער ארויסברענגען באזונדערע „ריינע" קלאַנגען. אָבער אַרויסבאַקומען ריינע קלאַנגען, ווי מיר ווייסן שוין, קען מען ניט. בעכיין, מיט דעם, וואָס דער־דאַזיקער מעטאָד לערנט ארויסברענגען באַזונדערע קלאנגען, שטעלט ער איין א פעסטע פאַרבינדונג צווישן אָס און איין באשטימטן קאָנקרעטן קלאנג. אין וואָס פאַר א וואָרט דאָס קינד וועט ניט טרעפן דעם אָס ב, וועט עס לויטן קלאַנגען־מעטאָד לייענען בּ (סאָפּקאָלסאָף וועט עס, נישט געקוקט אפן מעטאָד, דאָך זיך אויסלערנען אבסטראהירן...) אף אזא אופן וועט עס איבערלייענען דאָס וואָרט „בוך" בו־ו־ך. דער קלאנגען־מעטאָד לערנט, אז מע דארף צונויפגיסן, אָבער צונויפגיסן צוויי קאָנקרעטע קלאַנגען איז לאַכלוטן אומעגלעך. בו־ו בלייבט אַלעמאָל בו־ו, ווי גיך דער טאלמיד זאָל ניט זאָגן. און ער פּלעגט טאַקע קיינמאָל ניט „צונויפגיסן", ביז דער לערער פלעגט ניט אונטערזאָגן בו...

אבער אויך דער אַמעריקאנער מעטאָד (דער ריינער, אידעאגראפישער) טויג ניט, ווייל ער רעכנט זיך לעגאמרע ניט מיטן פאָנעטישן מעהוס פון אונזער שריפט.

„דעם מעטאָד פון גאַנצע ווערטער וואָלט געוווען ריכטיקער אנצורופן כינעזישער מעטאָד, ווייל נאָר אין דער כינעזישער שריפט לערנט מען לייענען נאָכן מעטאָד פון גאַנצע ווערטער, — אין דער ווירקלעכקייט ווערט אין אונזער שול דער מעטאָד פון גאנצע ווערטער פאַרוואנדלט אין אנאליז פון ווערטער"[2].

עמעס, מע לערנט זיך אויס לייענען לויט דעמדאָזיקן מעטאָד, אָבער דאָס קומט פאָר דערפאַר, ווייל די קינדער דערגייען סאָפּקאָלסאָף אַליין דעם סאָד פון קלאַנג און אָס. נאָר פאַרלאָזן זיך אף דעם, וואָס די קינדער וועלן אַליין דערגיין הייסט דאָך ניט לערנען, הייסט ניט שאַפן אַ מעטאָד, ד. ה. פאַרלייכטערן דעם שווערן פּראָצעס פון דעראָבערן געוואוינהייטן.

1 בלאָנסקי „פעדאלאגיע אין דער מאסן־שול" ז. 47.

2 דאָרטן, ז. 48.

6. שאַפּאַשניקאָווס רעפאָרם פון קלאַנגען-מעטאָד. דער באַוואוסטער מעטאָדיסט שאַפּאַשניקאָוו האָט זייער אַף אַ געראָטענעם אויפן רעפאָרמירט דעם קלאַנגען-מעטאָד, אַריינפירנדיק דעם פרינציפּ פון „לעבעדיקע קלאַנגען".

די גרונט-האַנאָכעס פון שאַפּאַשניקאָווס מעטאָד זיינען:

א. אַרויסגיין פון דער לעבעדיקער שפּראַך און אירע לעבעדיקע קלאַנגען צו זייער אויסדרוק אין גראַפישער פאָרם.

ב. באַנוצן אין דער ערשטער צייט פאַרשיידנאַרטיקע גראַפישע צייכנס, ווי בילדלעך, פּאַסיקלעך און אויך אויסיעס.

ג. געבן דעם אָס אין אַ לעבעדיקער קלאַנגען-סוויווע און אין אַלע מעגלעכע קלאַנגען-וואַריאירונגען זיינען, קעדיי צו פאַרלייכטערן דעם אַבסטראַהירונג-פּראָצעס.

ד. אין דער ערשטער צייט נאָר שרייבן, ד. ה. צונויפשטעלן ווערטער, און ניט לייענען. שרייבן הייסט אַנאַליזירן (דערמאָנט זיך, ווי א דערוואַקסענער שרייבט אַן אומבאַקאַנטן וואָרט), דעריבער העלפט עס מיט צו דערהערן דעם קלאַנג אין פאַרבינדן אים מיטן אָס. לייענען נאָר נאָך די פרישע שפּורן-צום שרייבן — ברייט באַנוצן דעם באַוועגלעכן אַלעפבייז.

צום באַדויערן, איז אין דער אידישער שול שווער אָנצואווענדן שאַפּאַשניקאָווס מעטאָד. שאַפּאַשניקאָוו נוצט ברייט אויס די ווערטער אין רוסיש, וואָס באַשטייען פון איין קלאַנג און זיינען באַצייכנט מיט איין אָס, ווי в, к, о, и, у, а. אין אידיש זיינען אַזעלכע ווערטער קימאַט ווי ניטאָ, אָבער פיל עלעמענטן פון שאַפּאַשניקאָווס מעטאָד לאָזן זיך אויסנוצן אויך באַ אַנדערע מעטאָדן[1].

7. מעטאָד פון גאַנצע ווערטער אין זיין רוסישער פאַרמאַציע. מער פון אַלע אַנדערע מעטאָדן באַפרידיקט די פאָדערונגען פון דער ווּיסנשאַפטלעכער שפּראַכקענטעניש און איז אויך אין העסקעם מיט די קאָנקרעטע באַדינגונגען פון אידישן, ווי אַ מער-ווייניקער פאָנעטישן אויסלייג — דער מעטאָד פון גאַנצע ווערטער אין זיין רוסישער פאָרמאַציע, וואָס הויבט אָן דעם גראַמאָטע-לימעד פון גאַנצע ווערטער, אָבער דערלאָזט דאָס באַקענען די קינדער אַף א סיסטעמאַטישן און לעבעדיקן אויפן מיט די באַשטאַנד-טיילן פון וואָרט, מיט סראַף און קלאַנג, און פירט דעם טאַלמיד זיכער און אָרגאַניזירט אַף דעם וועג פון אַבסטראַהירונג. ס'איז איבעריק אָנצואווייזן, אז דערדאָזיקער מעטאָד האָט נאָך אַ מאַילע לעגאַבע דעם קלאַנגען-מעטאָד, וואָס ער לאָזט זיך ענג און אָרגאַניש פאַרבינדן מיט דער קאָמפּלעקס-סיסטעם.

„דאָס לערנען לויטן מעטאָד פון גאַנצע ווערטער, באַזונדערס מיטן אָנווענדן די אויפּאַנים, וואָס ווערן רעקאָמענדירט פון אייניקע פּעדאַגאָגן (שאַפּאַשניקאָווס אָן-אַלעפבייז-מעטאָד, פלאָטניקאָווס פלאַקאַטן-

1 גענויער וועגן שאַפּאַשניקאָווס מעטאָד, זע אין זיין ביכל „Живые звуки"

מעטאָד, דער קעגנשטאנד-מעטאָד פון מאַראַזאָווע און טיכייעווע), אנט-שפּרעכט מער דעם כאַראַקטער פון דער אַרבעט לויט דער קאָמפּלעקס-סיסטעם און דערלויבט אויך דעם פּראָצעס פון גראמאַטע-אונטעריכט איינ-שליסן אין דער אַלגעמיינער אַרבעט לויטן קאָמפּלעקס"[1].

8. קאָנקרעטער גאַנג פונם לייען- און שרייב-לימעד[2].

א. איוורע קומט אויס צו לערנען מיט קינדער, וואָס זיינען נאָרוואָס אָנ-געקומען אין שול, מיט קינדער וואָס שעמען זיך אוואדע אין דער פרעמד א מויל צו עפענען. און די שול איז דערווייל פאַר זיי נאָך אַ פרעמדע, דער לערער — אַ פרעמדער, אומבאקאנטער... זאָל זיך דעריבער דער לערער ניט איילן מיט ווייזן אַן אָס. צוגיין נעענטער צו די קינדער — דארף זיין די ערשטע אוואודע פון דעם לערער, געפינען אַ וועג צו זייערע הערצער, עפענען זייערע מיילכעלעך, דערוויסן זיך מיט וואָס לעבן קינדער, וועגן וואָס טרוימען זיי, ווי איז זייער אנטוויקלונג א. א. וו. דאָס וועט דער לערער דערגרייכן דורך שפּילן, שפּאַצירן, א נאָענט-אינטימען שמועס, אַ מאַיסעלע, מאָלן, זינגען. און דערווייל אָנהייבן זיי ביסלעכווייז אָרגאַניזירן, זייער עסן, אָנטאָן, דאָס האַלטן לערן-מאַכשירים, דאָס קומען און אוועקגיין פון שול א. א. און דאַן, אין פּראָ-צעס פון דערדאָזיקער אַרבעט, ביסלעכווייז ארויסרופן באַ זיי די פאָדערונג אָף איוורע. אָט די אַרבעט קען מען אויסגעצייכנט דורכפירן אין די ראַמען פון ערשטן קאָמפּלעקס „ווי האָבן מיר פאַרבראַכט דעם זומער". דאָ גייען אַריין מאָמענטן פון דער נאַטור, זומער-אַרבעט פונם מענטשן, וואָס קינדער טוען א. א. וו. אין די ראַמען פון דער טעמע קען מען זיך אויך באַקענען מיט די היימישע איניאָנים פון די קינדער (דורך שמועסן מיט די קינדער אין פער-זענלעכן באזוך פונם לערער). בעקיצער, דער קאָמפּלעקס גיט די פולסטע מעג-לעכקייטן צו ווערן מיט די קינדער היימיש. דער לערער דארף עס נאָר גע-שיקט אויסנוצן[3].

ב. ערשטער עטאַפּ פון איוורע-לימעד, ווערטער-אָנזאַמלונג:

קוידעמקאָל דאַרף מען געבן די קינדער א פאָרשטעלונג וועגן א וואָרט. ניט אַלע קינדער ברענגען מיט זיך אין שול א פאָרשטעלונג וועגן וואָרט. ווי באַוואוסט ווערט ער אין דער קלאַנגען-ווירקלעכקייט ניט אויסגעטיילט. פאַר דער גראַמאָטע איז ער אבער אומבאדינגט נייטיק. און ס'איז זייער לייכט צו באַקענען די קינדער מיט אָט דער פארבאָרגענער באַשעפעניש: מע דארף אָר-גאַניזירן די אזוי גערופענע ווערטער-שפּילן, פאַר וועלכע מע קען אויסנוצן רע-טענישן, קורצע לידלעך[4].

1 פּראָגראַמען און מעטאָדישע דערקלערונגען פון דער איינהייטלעכער ארבעט-שול, 2-טער טייל, ז. 157.

2 אויסגענוצט מאטעריאלן פון דער פּראוושול באם וויטעבסקער אידישן פער טעכניקום

3 זע וועגן די ערשטע טעג אין שול — סטעפּאַנאָוו „Обучение грамоте без букваря", ז. 14-37

4 א מוסטער, זע בא דעמזועלבן אווטאָר, ז. 40

ווען באַ די קינדער האָט זיך שוין פאַרפעסטיקט די פאָרשטעלונג וועגן וואָרט, קען מען אָנהייבן די ווערטער-אָנזאַמלונג.

אייניקע קלאָלים וועגן דערדאָזיקער אָנזאַמלונג:

1) דעם ווערטער-מאַטעריאַל פאַר איוורע-לערנען דאַרף מען נעמען, ווי ווייט ס'לאָזט זיך נאָר, פון דער קאָמפּלעקס-טעמע (פון אַ שמועס, אַ מאַיסעלע, אַ פאַרגעלייענטע דערציילונג) און פון דער אָרגאַניזיר-אַרבעט אין קלאַס (נעמען פון קינדער, דעזשורנע א. א.). אָבער זיי טאָרן ניט גענומען ווערן אף אַ כאַאָטישן אופן, וואָס עס מאַכט זיך, נאָר לויט אַ באַשטימטער סיסטעם.

2) די ווערטער דאַרפן באַשטיין פון צוויי און ניט מער, ווי פון דריי טראַפן. (געוואונטשן פון צוויי — גרינגער צו פאַרגעדענקען). די טראַפן — אָ פ ע נ ע (מיט וואָקאַלן: מאַמע, עפעלע, מירע) און נ אָ ר מ אַ ל ע (פאָנעטישע).

3) יעדער נײַ וואָרט דאַרף האָבן נאָר איין קלאַנג אַ נייעם.

4) אין די אָנגעזאַמלטע ווערטער זאָלן זיך סיידערן טראַפן מיט אַלציינע קאָנסאָנאַנטן און פאַרשיידענע וואָקאַלן און פאַרקערט (מאַשע, מישע, מוסע).

5) אָנזאַמלען ניט מער פון 15—20 ווערטער, קעדיי ניט פאַרשווערן דעם זיקאָרן פון די קינדער.

6) די קינדער דאַרפן זיך גוט אויסלערנען דערקענען די ווערטער. צוליב דעם איינפירן שליסלען (טאַבעלעס פון די ווערטער מיט בילדלעך אָדער, נאָך בעסער, לעבעדיקע עקספּאָנאַטן). די בילדלעך דאַרפן זיין „קאַטעגאָרישע", ד. ה., זיי זאָלן אַרויסרופן באַ די קינדער דאַפקע די נייטיקע ווערטער. אויב באַם לערער איז פאַראַן אַ סאַפעק[1], טויגן זיי ניט*.

די פאָרם פון שליסל איז אַזאַ:

| | | | | | | | |
|---|---|---|---|---|---|---|---|
| בילד | בילד | | | | | | |
| וואָרט | וואָרט | | | | | | |

ווען אַ קינד האָט פאַרגעסן אַ וואָרט, גייט ער צו צום שליסל, זוכט אויף לויט זיין קאַרטל דאָס וואָרט אין שליסל און דאַן לייענט ער אים איבער אַפן בילד.

7) די קינדער זאַמלען באַ זיך די ווערטער אין ספּעציעלע קאָנווערטן, וואָס אַף זיי איז אָנגעשריבן מיט שיינע אויסיעס יעדערנס נאָמען. ס'איז געוואונטשן, אַז די קאַרטלעך זאָלן דורך די קינדער באַמאָלט ווערן.

8) גלייך פון אָנהויב איבן זיך די קינדער אין שרייבן די ווערטער (געדרוקטע אָדער געשריבענע — ס'ווענדט זיך אָן דער סיסטעם. (וועגן דעם שפּעטער), אויסשערן זיי, אויסקלעפּן פון ליים, (דעריבער וואָלט מען באַם ווערטער-אויסוואַל געדאַרפט זיך רעכענען אויך מיט זייער שריפט-לייכטקייט — זע ווייטער אין קאַפּיטל „קולטור פון שריפטלעכן וואָרט).

1 צו די קינדערשע נעמען איז גוט צו האָבן פאָטאָגראַפישע קאַרטלעך.

9) גלייך פון אָנהויב איבן זיך די קינדער און צעשניידן די ווערטער אַף אויסיעס, צעמישן און צונויפשטעלן זיי איבעראַנייס.

10) ברייט אויסנוצן דעם באַוועגלעכן אַלעפבייז אַף צונויפשטעלן די באַ-קאַנטע ווערטער[1].

11) פון די ווערטער צונויפשטעלן זאַצן. אנשטאָט די פעלנדיקע ווער-טער באַנוצן בילדלעך, פּאַסיקלעך. פון אָנהויב אָן אויסלערנען די ווערטער האָט, מיט, אַ, און — זיי זיינען נוצלעך באַם צונויפשטעלן זאַצן.

12) אָרגאַניזירן מיט די אָנגעזאַמלטע ווערטער לאָטאָ-שפּילן.

אַף דעמדאָזיקן עטאַפּ ווערט אַריינגעפירט די זעלבסטרעגיסטראַציע פון די קינדער, וואָס האָט אַ גרויסע באַדייטונג אי פאַר דער דערציאונג-אַרבעט, אי פאַרן לייענען און שרייבן. אין אָנהויב באַנוצן די קינדער פאַרשיידענע סימאָנים (א בילדל, אַ ציילעמל א. א.). שפּעטער — מיט די אייגענע נעמען. די קינדערשע נעמען פיגורירן אויך אַפן קליידער-הענגער, אַפן האַנטעכער-הענגער (יעדערער האָט זיין האַנטעך). אַף די ווענט דאַרף מען אויסהענגען די ערשטע פלאַקאַטן-קלאָלים (סאַניטאַר-היגיענישע, אָרגאַניזאַציאָנעלע), זיי דאַרפן זיין שיין און ריכטיק אָנגעשריבן (אָדער געדרוקט) מיט גרויסע, פעטע אויסיעס.

דער עטאַפּ געדויערט פון 2 ביז 3 וואָכן.

ג. צווייטער עטאַפּ. אויסטיילונג פון טראַפן. אָנזאַמלונג פון טראַפן.

צו דער צייט ווערט ביכלאַל אַריינגעפירט דער באַגריף טייל (אין פאַר-פאַרבינדונג מיט דער טעמע „געזונט-פאַרהיטונג" — טיילן פון מענטשלעכן קער-פּער — אין רעכענען (מינדלעך).

די פאָרשטעלונג וועגן טראַפן קען מען געבן אַף אַ פאַרשיידנאַרטיקן אויפן: דורך טראַפן-שפּיל (מע שפּילט אין פאַנטן. איין קינד זאָגט אַ טראַף, דער צווייטער דאַרף פאָרזעצן אַזוי, אַז ס'זאָל זיך באַקומען אַ וואָרט א. א. וו.)[2], דורך צושטעלן צו לאַנג-באַקאָנטע ווערטער נייע טראַפן — סימע — סימעלע א. א. וו. און, לעסאָף, דורך דירעקטן צעטיילן די ווערטער אַף טראַפן. דאָס ווערט געמאָן אַזוי: דער לערער נעמט, לאָמיר זאָגן, דאָס קאַרטל מאַשע, לייענט טיילנווייז דאָס וואָרט, דערנאָך צעשניידט ער דאָס קאַרטל אַף צווייען, די קינדער צעשניידן אויך זייערע קאַרטלעך, שרייבן אָן צעטיילט אין די העפטן, אַפן ברעט א. א. וו.

די ווערטער אַף צעטיילן נעמט מען פון די לאַנג-באַקאַנטע. מע קען אָבער אויך אַריינפירן נייע ווערטער (מיט איין נייעם קאָנסאָנאַנט).

די אויסגעטיילטע טראַפן דאַרפן געזאַמלט ווערן אין טראַפן-טאַבעלעס. דערביי דאַרפן די טאַבעלעס געבויט ווערן אַזוי, אַז ווערטיקאַל זאָלן גיין איין

---

1 קויפן א פּאַרטיקן אַלעפבייז (אויב מע הויבט אָן פון געדרוקטן שריפט), צעשניידן און אָנקלעפן אַף קאַרטאָן. די אַרבעט טאָן צוזאַמען מיט די קינדער — ס'איז אויך א גראַמאָטע-איבונג.

2 זע אין אויבנדערמ. סטעפּאַנאָווס בוך, ז. 50. מע קען אויך לויט דער צאָל עפענונגען פונם מויל.

און דיזעלבע קאָנסאָנאַנטן מיט פאַרשיידענע וואָקאַלן און האָריזאָנטאַל פאַרקערט — פאַרשיידענע קאָנסאָנאַנטן מיט איין און דיזעלביקע וואָקאַלן.

קעדיי צו געבן די קינדער אַ מעגלעכקייט זעלבשטענדיק איבן זיך אין דערקענען די טראַפּן — ווערן אויפגעהאנגען טראַפּן-שליסלען. פריזן פון בילדלעך, וואָס אונטער זיי זיינען אונטערגעשריבן בלויז טראַפּן. דערביי דאַרף מען דאָ אָפּהיטן די קלאָלים, וואָס זיינען אויבן געזאָגט געוואָרן וועגן-ווערטער שליסלען).

מע איבט זיך אין קאָמבינירן פון די טראַפּן נייע ווערטער. מע אָרגאַניזירט אַ שפּיל אין טראַפּן-לאָטאָ.

די קינדער הייבן אָן אַליין רעגיסטרירן זיך דורך די ערשטע טראַפּן פון זייערע נעמען.

מע שפּילט אין אָפּזוכן באַקאַנטע טראַפּן אין ביכל א. א. וו.

ד. דריטער עטאַפּ. אויסטיילונג פון קלאַנגען.

אינטואיטיוו ווייסן די קינדער שוין מיסטאָמע פון לאַנג וועגן קלאַנג. איצט קומט דאס באַזיניקן, באַוואוסטיקן. מע טוט דאָס אַזוי: באַ דער אונטערטעמע שוכוואַרג שמועסט מען, לעמאָשל, וועגן שיך. מע שטעלט צונויף אַ זאַץ „מירע האָט שיך". דער לערער פרעגט, וועלכע טיילן קענען די קינדער אָנשרייבן אין וואָרט „שיך". די קינדער ווייסן ש׳. דער לערער מאָלט אויף אַפן ברעט אַ פּאָר שיך און שרייבט אונטער שי . וואָס דאַרף מען דאָ נאָך צושרייבן? דער לערער שרייבט אָן כ, הייסט די קינדער צוטראַכטן נאָך ווערטער מיט אַזוינע קלאַנגען. (מאָך, מאַך, טוך, קיך א. א. וו.).

מע דאַרף ניט צובינדן דעם אָס צו אַ זעלבשטענדיקער „ריינער" אויסשפּראַך, נאָר נעמען אים אין לעבעדיקן וואָרט [1].

דיזעלביקע איבונגען דורכמאַכן מיטן קלאַנג כ אין אָנהויב און מיטן וואָרט (כ-מאַרע, מי-כ-לע).

איבן זיך מיט בילדלעך, וואָס האָבן אונטערשריפטן פון איינצלנע אויסיעס. צונויפשטעלן אויסיעס-שליסלען, ווי באַ די טראַפּן און ווערטער.

צונויפשטעלן ווערטער-טאַבעלעס מיט אויסגעטיילטע קלאַנגען.

שפּילן אין אויפזוכן קלאַנגען און ווערטער. צונויפשטעלן ווערטער פון באַוועגלעכן אַלעפבייז.

שפּילן אין אַריינשטעלן קלאַנגען אין אָנהויב אָדער סאָף וואָרט: עס — עס-ט, עקעלע — רעקעלע — בעקעלע. פאַרבייטן איין קלאַנג צוּ אַ צווייטן (קעמלע — רעמעלע, קאָרע — סאָרע, מאַשע — מישע א. א. וו.), אַריינשטעלן באַקאָנטע קלאַנגען אינמיטן באַקאַנטע ווערטער (זעמעלע — זעמדעלע, קיעלע — קישעלע—ביכעלע א. א. וו.) [2].

---

[1] באַ אייניקע קלאַנגען, באַזונדערס באַ וואָקאַלן, קען מען באַקאָנען די קינדער מיט דער לאַגע פון מויל בעאייסן אַרויסריידן (זע אַפאַנאַסיעוו—„Как обуч. грамоте" стр. 40—42).

[2] אינטערעסאַנטע שפּילן און דידאַקטישן מאַטעריאַל זע באַ שטיינהויז— „Школа для малышей в Англии".

ה. פערטער עטאַפּ. איבן זיך אין לייענען ווערטער מיט צוויי קאָנ-
סאָנאַנטן, וואָרט-איין, וואָרט-אין און וואָרט-אויס.

ו. פינפטער עטאַפּ. פאַלן פון סטירע צווישן אָס און קלאַנג. ערשט
איצט, אַז די קינדער האָבן שוין וויפל ס׳איז אַ פאָרשטעלונג וועגן קלאַנג, קען
מען אַריינפירן אַזוינע ווערטער, וואו ס׳איז פאַראַן אַ סטירע צווישן אָס אין
קלאַנג, ווי צ. ב. ש., לעבט. מע דאַרף אָבער דערצו צוגיין פּאָרזיכטיק, לויט אַ
באַשטימטער סיסטעם. פריער דאַרף מען געבן די ווערטער אין דער פּאָרם,
וואו די סטירע איז ניטאָ (לעב, לעבעדיק א. א.). דאָס וועט פאַרפעסטיקן
דעם זע-בילד פון וואָרט. לייענען דאַרף מען, ווי מע רעדט (דאָס האָט
אַ שאַיכעס נאָר צו מאָרפאָלאָגישע דערשיינונגען, אָבער ניט צו אינטערדיאַלעק-
טישע).

ז. אין וואָס פאַר אַ סיסטעם אויסטיילן די קלאַנגען.
די פראַגע האָט אַ באַדייטונג נאָר פאַר די קאָנסאָנאַנטן. זיי דאַרפן, לויט מיין
מיינונג, אויסגעטיילט ווערן אין אַזאַ סיידער: ר, ל, מ, נ (סאָנאָרע)[1]. כ, ס
ש, פ, ז, וו (וואָס קענען אויסגעצויגן ווערן באַם אַרויסריידן); ק, ב, ט, פּ,
ג, ד, צ, ה, י (יאָט), דער י אַלס פאַרווייכערונג-צייכן — ניאַניע, פאַניע, דיפּבאָנ-
גען: יי, ײַ, ױ, צונויפגעזעצטע: זש, טש, דז, שטומער א וואָרט-אײַן. מע האָלט
זיך עפשער געדאַרפט רעכענען מיט דער לייכטקייט פון אָנשרייבן דעם אָס,
אָבער דער מעהוס פון קלאַנג שפּילט דאָ אַ גרעסערע ראָל. איבערלעך, אין די
גרופּעס קען דער לערער איינשטעלן דעם סיידער לויט דער שריפט-שווערקייט.

וואָס איז נוגייע די ווייכע קאָנסאָנאַנטן, איז קאָלזמאַן זיי ווערן ניט
באַצייכנט, קען מען זיי געבן גלייך פון אנהויב אין איין ריי מיט די האַרטע
דאָס וועט פאַרלייכטערן די אַבסטראַהירונג. אויב אָבער דער „יוד״ וועט איינ-
געפירט ווערן אַלס פאַרווייכערונג-צייכן פאַר וואָקאַלן, דעמאָלט וועט
אַנטשטיין זייער אַ וויכטיקע פראַגע: ווען געבן אים? פאַרן יאָט — איז ניט
צוועקמעסיק, איבערלאָזן אים אַפן סאָף — וועט פאַרשווערן דעם לימעד-פּראָ-
צעס, ווייל ס׳זיינען פאַראַן היפש ווערטער מיט ווייכע קאָנסאָנאַנטן פאַר וואָ-
קאַלן, (דערהויפּט נעמען) וואָס קענען אויסגענוצט ווערן אַף די ערשטע טריט.

די אויסיעס דאַרפן געשריבן ווערן: אַ (a), אָ (o), ? (и), ו (у), פ (ф),
וו (в), י (יאָט) ײַ (ай), יי (ей), וי.

זאָל זיך דער לערער אַליין איינגעוואוינען און אויך די קינדער אויסלער-
נען באַנוצן שטענדיק די אויסיעס-צייכנס (אַ פּינטעלע, אַ פּאַסיקל). צום סאָף פון
לערן-פּראָצעס (אָדער סאָף פון ערשטן לערניאָר) דאַרף מען געבן די קינדער
דעם אָנגענומענעם סיידער פון אונזער אַלעפבייז: אַ, אָ, ב, ג, ד, ה, וו, ו, ז,
ט, ?, י, ל, מ, נ, ס, ע, פּ, פ, צ, ק, ר, ש. דאָס איז נויטיק, ווייל די א״ב-
אויסיעס ווערן אָפט באַנוצט, ווי צאָל-סימבאָלן אין אונזערע ביכלעך.

1 אויב אין קלאַס זיינען דאָ קינדער, וואָס קענען ניט אַרויסריידן שאַרף די אויסיעס ר, ל.
דאַרף מען דעם סיידער אביסל איבערבייטן.

די נעמען-פראַגע איז ניט קיין וויכטיקע. האָבן שוין די קינדער באַהערשט די שריפט, קען מען זיי געבן אַפילו די טראַדיציאָנעלע נעמען: אַלעף, בייז, גימל א. א. וו.

9. העגן איינע באַזונדערע פראַגן פון איוורע-לימעד.

א. וועגן איינעם אַ פאַרשפּרייטן שלעכטן מינעג: פיל לערערס, שטרעבנדיק צו פאַרלייכטערן דעם „יאָך" פון דעם לימעד פאַר די קינדער, פירן אריין פאַרגרייזטע ווערטער, ווי אונטער א. א. דאָס איז אַ „בערישע טויווע" די קינדער. מע דאַרף עפּשער אַזעלכע ווערטער אויסמיידן אין אָנהויב, נאָר פירט מען שוין זיי אַריין, דאַרף מען זיי שרייבן ווי שריפטקענעוודיקע מענטשן.

ב. געשריבענע אָדער געדרוקטע אויסיעס. עס זיינען פאַראַן געניג וויכטיקע מאָטיוון אי פאַר די, אי פאַר יענע. די געדרוקטע שריפט האָט אַ סאַך מאַלעס: זי איז בולעטער, אנזעעוודיקער פאַרן אויג, קינדער באַגעגענען זי אָפטער אין זייער אַרומיקער סוויווע (צייטונג, בוך, פלאַקאַט), און דאָס פאַרגרינגערט אומגעהויער דאָס פאַרייגענען די איוורע. זיי קענען אויך גיכער האָבן א צוטריט צום לערנביכל, וואָס איז אויך זייער וויכטיק. דער געשריבענער אַלעפבייז האָט אָבער אויך מאַלעס: ער איז טעכניש לייכטער פאַר די קינדער צום שרייבן (די געדרוקטע אידישע אויסיעס זיינען זייער שווערע). דאָס געשריבענע וואָרט גלייך פון אָנהויב האָט אויך אַ וויכטיקע באַדייטונג פאַר דער אָרטאָגראַפיע.

די אָנגעזעענסטע רוסישע מעטאָדיסטן, ווי שאַפּאַשניקאָוו, טיכייעווע האַלטן, אַז מע דאַרף אָנהייבן פון געדרוקטער שריפט.

אויב דער לערער הויבט אָן פון געדרוקטער שריפט דאַרף ער אויסלערנען זיך און אויך די קינדער באַנוצן מיט אַ פאַרייגפאַכטער געדרוקטער שריפט[1].

אַלנפאַלס, וואָס פאַר אַ שריפט דער לערער זאָל ניט איינפירן, דאַרף ער אין דער ערשטער צייט באַנוצן מער ניט ווי איין שריפט. באַזונדערס איז דאָס וויכטיק בעניגייע דעם אידישן אַלעפבייז, וואו ס'איז צווישן די געדרוקטע און געשריבענע אויסיעס אַ גאַנצער אָפּגרונט. געבן אין אידיש ביידע שריפטן מיטאַמאָל, הייסט לערנען מיטאַמאָל צווי באַזונדערע איוורעס.

ג. מיט אָדער אָן אַן אַלעפבייז-ביכל? די לעצטע יאָרן האָט זיך שטאַרק פאַרשפּרייט און פאַרפעסטיקט, געוויס אין צוזאַמענהאַנג מיט דער פאַרבירגערונג פון דער קאָמפּלעקס-אידייע, די סיסטעם פון לערנען לייענען אָן אַן אַלעפבייז-ביכל. דער גרונט-פּרינציפּ פון דערדאָזיקער סיסטעם (סיסטעם און ניט מעטאָד!) איז: אין פּראָצעס פון דער אַרבעט דאַרפן די קינדער שאַפן זייער אייגענעם א"ב-ביכל, וואָס זאָל אַרויסדרינגען פונם גאַנצן גאַנג פון זייער לערנען, אַרבעט און אָרגאַניזאַציע. דידאָ-

1 א מוסטער פון אזא שריפט זע אין לערנביכל „פרייד", מינסקער אויסגאבע.

זיקע סיסטעם האָט איין גרויסע מאַלע, אַף וועלכער עס ווייזט אָן אַפּאַנאַסיעוו אין זיין ביכל „מעטאָדן פון גראַמאָטע-אונטעריכט אין פאַרבינדונג מיט דער קאָמפּלעקס-סיסטעם״: „דער שמועס, דער אויסוואַל פון נויטיקן וואָרט וועט ניט אָנגעבונדן ווערן דורכן פאַרטיקן טעקסט פון א״ב-ביכל. און דער קאָלעק-טיווער כאַראַקטער פון דער אַרבעט איז בעסער פאַרזיכערט: די קינדער אַליין גיבן די נויטיקע פראַזע, וואָס איז נאַטירלעך אַרויסגעקומען פונם שמועס אַף אַ לעבעדיקער טעמע. ווייטער גייען די אַרבעטן, וואָס קומען געוויינלעך פאָר באַם איוורע-לימעד: צונויפשטעלן ווערטער אַף לייענען, פארשרייבונגען, פאַר-מאָלונגען א. א. וו. אָט די אַלע אַרבעטן ווערן דורכגעמאַכט קאָלעקטיוו, דורך דער גאַנצער גרופּע, אונטער דער אָנפירונג פון לערער. די אַרבעט גייט דורך אין לעבעדיקער טעטיקייט פון דער גאַנצער גרופּע״. דידאָזיקע סיסטעם איז בעעמעס, ווי אָנגעמאָסטן צו דער אַרבעט לויט דער גוס-פּראָגראַם. זי האָט אָבער אויך גאַנץ וואָגיקע כעסרוינעס. דער לערער קען אָפּט, פון ניטגענוגנדיקער באַהאַוונטקייט אין דעם איניען, דערלאָזן אין דעם אויסוואַל פון די ווערטער אַזוינע פעלערן, וואָס זאָלן זיך שלעכט אָפּרופן אף דעם נאָרמאַלן פּראָצעס פון איוורע-פאַרייגענונג. ווייטער, איז אויך וויכטיק דאָס, וואָס לויט דעמדאָזיקן אויפן פון לערנען לייענען האָבן די קינדער שטענדיק פאַר די אויגן ווערטער, וואָס זיינען צונויפגעשטעלט פון באַוועגלעכן א״ב, אָדער וואָס די קינדער אַליין האָבן אָנגעשריבן. סיי די, סיי יענע גיבן ניט דעם נאָרמאַלן איינדרוק פון גע-דרוקטן וואָרט, וואָס מיט אים וועלן די קינדער שפּעטער דאַרפן האָבן צו טאָן.

מיר דוכט זיך, אַז אין דער פּראַקטישער אַרבעט האָבן די לערער געפו-נען דעם ריכטיקן מיטלוועג. אין דער ערשטער צייט ווערט געלערנט אָן אַן א״ב ביכל. ווען ס'איז שוין אָנגעזאַמלט אַביסל אייגענער איוורע-מאַטעריאַל, ווערט אַריינגעפירט דאָס ביכל (די קינדער נעמען אים אויף מיט גרויס צופרידנ-קייט). אָבער דערביי ווערט דער אָן אַ-ב-אויפן פון לערנען ניט איבערגעריסן כאַרקערט, דער מאַטעריאַל פון ביכל ווערט אויך, ווי מעגלעך, איינגעשלאָסן אין פּראָצעס פון דער לעבעדיקער איוורע-אַרבעט, און דאָס פאַרלייכטערן פאַר די קינדער דעם צוטריט צום ביכל. די קינדער באַגעגענען אין ביכל שוין אַל-טע באַקאַנטע ווערטער (געזען אַפן ברעט, אַף די טאַבעלן, פּלאַקאַטן) און האָבן דערפון גרויס האַנאָע.

א געראָטן אַלעפבייז-ביכל פאַרשנעלערט געוויס דאָס אויסלערנען זיך לייענען [1].

ה. וועגן אָפּגעשטאַנענע קינדער. ווי דער לערער זאָל ניט אָרגאַניזירן זיין אַרבעט, וועט זיך אַלעמאָל אויסבילדן אַ גרופּע אָפּגעשטאַנענע. דער לערער טאָר זיי ניט פאַרלאָזן. אַמאָל זיינען דאָס צופעליק אָפּגעשטאַנענע. אַ טאָג אין קלאַס ניט געווען — איין רינגעלע אַרויסגעפאַלן, און די גאַנצע קייט

[1] וועגן אונזערע פאָדערונגען צום א״ב-ביכל זע די טעזיסן פון דער ספּעציעלער גוס-קאָמי-סיע אין На путях к новой школе, 1925, № 2, стр. 5—16.

אין פאַרפאַלן. מוז מען זיך מיט זיי פאַרנעמען באַזונדער, העלפן, אונטערשטופן, צוגיין אינדיווידועל. אַן אַנדערש מאָל זיינען די אויגן שולדיק, דאַרף מען זיך ווענדן צו אַ דאָקטער. צו דער צייט דערלאַנגען הילף דעם שוואַכן טאַלמיד — דאָס איז איינע פון די גרעסטע פאַרדינסטן פאַר אַ פעדאַגאָג.

## ליטעראַטור:


1. Тихеева и Морозова — Естеств. метод обучения грамоте.
2. Шапошников — Живые звуки.
3. Степанов — Обучение грамоте без букваря.
4. Фаусек — Обучение грамоте по Монтессори.
5. Афанасьев — Краткая методика.
6. Афанасьев — Как обучать грамоте.
7. Родной язык в школе №№ 8, 11—12.
8. Яновская — Грамота и дети.
9. Штейнгауз — Школа для малышей в Англии.

(אין דעם ביכל דערציילט שטיינהויז , ווי אין די ענגלישע דאלטאן-שולן לערנען זיך די קינדער אַליין אויס לייענען).

10. זשיטאָמירסקי — וויזועל-פאָנעטישער מעטאָד, ווילנע, 1912. אין ביכל „מעטאָדישע אָווייזונגען צו לערנען לייענען אידיש”.

11. וו. ספיוואַק — מעטאָדיק פון שפּראַך און ליטעראטור, I טייל, איורע.


# III. קולטור פון מינדלעכן וואָרט

1. די שפּראַך — אַ לעבעדיקער סאָציאַלער פאַקטאָר. אַף די אַרויסלאָזן-קאַלאַקוויומס אין די זיבניאָריקע שולן (און אויך אין די טעכניקומס) ווייזט! זיך אָפּט אַרויס אַזאַ מין דערשיינונג: טאַלמידים שרייבן גאַנץ נישקאָשעדיק, האָבן אַ צוטריט צום ביכל א. א, וו. נאָר ווי עס קומט צום ריידן — איז כאַלאָשעס. פאַרקריפּלטער זאַץ-בוי, פּראָווינציעלע אויסשפּראַך, קאַפּצאָנעסדיקע לעקסיק. און נעמען נעמט זיך עס דערפון, וואָס מע לייגט באַ אונז ווייניק אַכט אַפן מינדלעכן וואָרט.

מע פאַרגעסט אָן דער שפּראַך אַלס לעבעדיקן סאָציאַלן פאַקטאָר. מע מיינט נאָך אַלץ, אַז לערנען שפּראַך — הייסט בלויז לערנען שרייבן און לייענען. ריידן איז ניט קיין לימעד. וואָסער איד קען דאָס ניט ריידן? און דאָס איז אין דער צייט, ווען די רייד-שפּראַך קומט אַמערסטן אויס צו באַנוצן אין לעבן. בעעמעס, וויפל קומט אויס דעם דורכשניטלעכן מענטשן צו שרייבן אין זיין לעבן און וויפל — ריידן? די קולטיווירונג פון מינדלעכן וואָרט דאַרף אָנהויבן פאַרנעמען אַ כאָשעוון אָרט אין אונזער שול-אַרבעט. ס'האָט אַ געוואַלדיקע באַדייטונג פאַר אידיש, וואָס מע קוקט נאָך אַלץ אַף דעם, ווי אַף א „געמישטער” שפּראַך, אַ שפּראַך פון נידעריקן סאָרט, און אונזער שול טוט גאָרניט, אָדער זייער ווייניק, אַף אויסצולעבן אָט דעמדאָזיקן ביטל-קוק.

2. וואָס הייסט עס קולטיווירן די שפראַך. קולטיווירן די שפראַך הייסט קוידעמקאָל אויסלערנען די קינדער זיך אויסדריקן מיט אַ קלאָרער, בווילעטער, פאַרשטענדלעכער שפראַך. וויפל מיספאַרשטייענישן קומען אַרויס אין לעבן פון ניט קלאָרע רייד! די שפראַך איז פריער פון אַלץ אַ מעכטיק סאָציאַל געווער, און דאָסדאָזיקע געווער דאַרף באַנוצט ווערן אַן אויסגעשלייפטע, אַ שאַרפע (ניט אין זין פון זידלען זיך און אויך ניט אין זין פון דעמאַגאָגיע), אַ בלאַנקענדיקע. דער געדאַנק דאַרף זיין קלאָר. און זיין וואָרטלעכער לעוואוש דאַרף אים זיין ווי אָנגעמאָסטן. און דאָ קומען מיר צו אַ צווייטן פונקט. קלאָרקייט און פאַרשטענדלעכקייט הייסט ניט באַרעדעוודיקייט, ניין מאָס רייד, פאַרקערט, דאָס איבעריקע מאַכט אומקלאָר. באַזונדערס וויכטיק איז דאָס בענויגייע דעם אידישן קינד, וואָס ברענגט אָפט פון דערהיים די סטווע פון שאָלעם-אַלייכעמס אידענע פון „טעפל“. אַנטוויקלען שפאָרזאַמקייט אין שפראַך-באַנוץ — דאָס דאַרף זיין די צווייטע אויפגאַבע פון דער שול.

שפאָרזאַמקייט אָבער, ווי באַוואוסט, הייסט ניט אָרעמקייט. אין גאַנג פון דער שול-אַרבעט ווערט דאָס קינד אַנטוויקלט, זיין געדאַנק ווערט פאַרטיפט און פאַרברייטערט, דיפערענצירט, און דאָס מוז קומען צום אויסדרוק אין דער שפראַך. פאַרמאָגן אַ רייכע לעקסיק — הייסט אויסדריקן דעם געדאַנק בווילעטער, אַלזייטיקער, ניואַנסירטער. באַרייכערן די לעקסיק פונם קינד — איז די דריטע וויכטיקע אויפגאַבע פון דער שפראַך-אַרבעט.

אָבער פאַרמאָגן אַ רייכע לעקסיק איז נאָך ווייניק. מע דאַרף קענען זיך שעפעריש באַנוצן מיט דעם. אין פראָצעס פון דער רייד-שפראַך באַמערקן מיר צוויי עלעמענטן: אַן אַקטיוו-שעפערישן און פאַסיוו-נאָכמאַכנדיקן. דער אויסגאַנג-פונקט פון דער אַקטיוו-שעפערישער שפראַך איז: צעגלידערונג פון פאַרוויקלטע קאָמפּלעקסן פון איבערלעבונגען, קעדיי קלאָר מאַכן, באַוואוסטיקן דאָס נאָכגעמערקטע, איבערגעלעבטע, און דער ענדפונקט איז — דאָס אָנרופן. „דאָס וואָרט איז אַ רעזולטאַט פון אָנשטרענגונג צו באַוואוסטיקן“. דאָס וואָרט קאָן דאָ זיין אַן אַלטס, אָבער דאָס אַלטע איז נאָר די הילע. פאָטעבניאַ ברענגט אַ ביישפיל פון אַ קינד, וואָס מע האָט אים געוויזן אַ גלעזערנעם קיילעך. דאָס קינד האָט געקוקט אַף דעם, שטאַרק באַטראַכט און מיטאַמאָל אַרויסגעשאָסן: אַרבוז, — אַ קליינינקער, נאָר כאַראַקטעריסטישער ביישפיל פון אַ שעפערישן שפראַך-אַקט.

פאַרקערט איז ביי דער פאַסיוו-נאָכמאַכנדיקער שפראַך. דער ריידער זוכט ניט קיין נייע זייטן פון אַ וואָסער ס'איז דערשיינונג. „ער איז ניט אויפגערודערט מיטן הייליקן אומרו פון וואָרט-שאַפן. ער באַנוצט זיך מיט רייד-שאַבלאָנען, שטאַמפן, אַף אויסדריקן ניט קיין אייגענע געדאַנקען“[1].

---

1 זע וועגן דער פראגע — אפאנאסיעוו „מעטאָדיק פון מוטער-שפראַך“, פולע אויסגאַבע פון 1924, ז. 16.

די שול דאַרף אַנטוויקלען דעם אַקטיוו-שעפערישן שפּראַכלעכן פּראָצעס.
זי דאַרף באַנוצן אַזוינע מעטאָדן, וואָס זאָלן אַרויסרופן און אַנטוויקלען די
אַקטיווע שעפערישע רייד. און דער גרונט-צוגאַנג איז דאָ: באַזירן זיך אַף דער
לעבעדיקער שפּראַך פון דעם קינד, אַף זיינע איינדרוקן און איבערלעבונגען.
כ׳איז שוין אַן אַלטער קלאַל: דאָס נאָענטע, דאָס אינטימע, דאָס איבערגע-
לעבטע — רופן אַרויס דאָס שעפערישע וואָרט. וואָס פאַר אַ שעפערישע וואָרט-
כוואַליע עס איז דורכגעגאַנגען אין די שולן אין דער וואָך פון לענינס טויט —
געדענקען נאָך מיסטאַמע אַלע לערער. די שול דאַרף אַריינטראָגן פּלאַנמעסי-
קייט, סיסטעמאַטיזאַציע אין דער שפּראַך-אַרבעט, אָבער זי טאָר זיך ניט אָפּ-
רייסן פון דעם לעבעדיקן קוואַל פון דער קינדערשער שפּראַך. קינדער זיינען
אָפט גרויסע שפּראַך-שעפער. אַלפּי אינטויִטיווער אַנאַלאָגיע שאַפן זיי אָפט
אַזוינע געראָטענע ווערטער און אויסדריקן, וואָס קענען אַפילע אויסגענוצט
ווערן פון דערוואַקסענע [1]. וועקן, דערמונטערן די שפּראַך-שעפערישקייט פונם
קינד — דאָס איז די ערשטע גרויסע אויפגאַבע פונם לערער בענוגייע דער
מינדלעכער שפּראַך-קולטור.

3. אָרטאָעפּיע און די ליטעראַרישע שפּראַך. מיר טאָרן אָבער
די קינדערשע שפּראַך ניט פעטישיזירן. דאָס קינד ברענגט אָפט פון זיין
סוויווע גראָבע גרייזן אין אויסשפּראַך, לעקסיק (רוסיזמען), זאַצבוי. אָרטאָעפּיע —
דאָס לערנען די קינדער ריכטיק און שיין ריידן — דאַרף פאַרנעמען אַ בעקאָ-
וועדיקן אָרט אין דער שפּראַך-אַרבעט פונם לערער. די גרייזן דאַרפן באַקעמפט
און אויסגעוואָרצלט ווערן. אָבער דאָ שטויסן מיר זיך אָן אָן דער פראַגע וועגן
ליטעראַרישן דיאַלעקט. געוויס איז פון סאָציאַל-קולטורעלן שטאַנדפּונקט
וויכטיק, אַז די ליטעראַרישע אויסשפּראַך זאָל אַרויסשטויסן די פאַרשיידענע
דיאַלעקטן, וואָס פאַרמינערן שטאַרק די סאָציאַלע פונקציע פון דער שפּראַך
(מענטשן פאַרשטייען ניט גוט איינע די אַנדערע). איז אָבער, ערשטנס,
נאָך ניט קלאָר בא אונז, וואָסער דיאַלעקט זאָלן מיר האַלטן פאַרן ליטעראַרישן.
צווייטנס, קען זיך די שול ניט אַריינמישן אין דעמדאָזיקן דיאַלעקטן-שטרייט,
ווייל דעמאָלט וואָלט איר אויסגעקומען פאַרגוואַלטיקן די לעבעדיקע רייד פונם
קינד און אויפשטעלן אַ וואַנט צווישן קינד און היים [2]. אַלנפאַלס, דאַרפן
אויסגעוואָרצלט ווערן די גראָבע פּראָווינציעלע ווילד-גראָזן פון דער שפּראַך,
ווי זשעכטשיק, רויטשינקער, האָבון, סאַבעס, סוסטער א. אַ.
רוסיזמען, לעקסישע, פאָנעטישע און סינטאַקסישע, ווי סקאַמייקע, קאַראַנדאַש,
קאָמנאַטע, בליודקע, טעטריאַד פּאָלוטשעט; כאַראַקטיער, ליטיעראַטור, טיעכ-
ניקום; איך אופגעשטאַנען זייער פרי א. אַנד. ביכלאַל קינדערשע רייד-דעפעקטן.

1 כ׳ זאַרעצקי לייגט פאָר אַזאַ אויסוועג: ריידן דיאַלעקטיש און לייענען ליטעראַריש. זע
„אַף די וועגן", 1928, נומ. 1, ז. 65.

2 צום באַדויערן איז אַף דעם געביט נאָך בא אונז גאָרניט געטאָן געוואָרן. קיין מאַטע-
ריאַלן ניט געזאַמלט.

איין זאַך דאַרף דער לערער האָבן אין זינען! אין זיין קאַמף קעגן גרייזן — ניט באַקעמפן דאָס ווירקלעך פאָלקסטימלעך-קינדערישע אין דער שפּראַך, דאָס וואָס עס גיט איר אָפט צו דעם גאַנצן כיין און האַרציקע זאַפטיקייט. זאָל דער לערער געדענקען, אַז דאָס דיאַלעקטיש-פאָלקסטימלעכע שפּילט ביכלל אַ קאָלאָסאַלע ראָל אין באַנייען די ליטעראַרישע שפּראַך. וואָס איז שאַיעך די „פאָלקסטימלעכע" שאָוויניסטישע ווערטלעך ווי אָרל, גאָי, שייגעץ א. אנד. — דאַרפן זיי וואָס גיכער און וואָס אַקשאָנעסדיקער אויסגעוואָרצלט ווערן.

4. זאַכלעכע אָדער עמאָציאָנעלע שפּראַך. צווישן לערער דעבאַטירט מען אָפט די פראַגע: צי דאַרף מען אַנטוויקלען באַם קינד די זאַכלעכע אָדער עמאָציאָנעלע שפּראַך. אָבער אַזוי שטעלן די פראַגע הייסט זיין אָפּגעריסן פון לעבן. סאַי די זאַכלעכע, סאַי די עמאָציאָנעלע שפּראַך שפּילן אַ קאָלאָסאַלע ראָל אין לעבן, וואָס פאַר אַ געוואַלדיקע ווירקונג עס האָט, לעמאָשל, אַ רעדנער, וואָס באַזיצט די פעאיקייט צו ריידן מיט דער שפּראַך פון געפיל און בילד, ווי געשפּאַנט מע הערט אים! אויך אין געוויינלעכן טאָג-טעגלעכן צווישנלעבן פון מענטשן שפּילט די עמאָציאָנעלע שפּראַך אַ גרויסע ראָל און איר ווירקונג איז איין לעשאַער. אַ באַוויז — די פאָלקשפּראַך, ווי עמאָציאָנעל און עקספּרעסיוו זי איז! פון דער אַנדערער זייט, זיינען אין לעבן פאַראַן פיל פאַלן, ווען אַ מענטש דאַרף און מוז קענען באַנוצן אַ פּינקטלעכע, גענויע שפּראַך, ווי צ. ב. ש., אַף אַ זאַכלעכער זיצונג, וואו ס'ווערן באַהאַנדלט ריין פּראַקטישע פראַגן.

5. די ראָליע פונם לערער. דער לערער שפּילט אַ כאָשעווע ראָל אין דער אַנטוויקלונג פון דער מינדלעכער שפּראַך-קולטור. ריישיס, דינט זיין שפּראַך פאַר אַ מוסטער, ער שאַפט, אַזוי צו זאָגן, די קולטורעלע שפּראַך-סוויווע פאַרן קינד. דער לערער דאַרף, בעכיין, אין זיין לעבעדיקער טאָג-טעגלעכער שפּראַך פאַרווירקלעכן די אַלע אויפגאַבן, וואָס וועגן זיי האָבן מיר גערעדט אויבן. צום באַדויערן קען דער לערער אָפט אַליין ניט ווי ס'באַדאַרף צו זיין די שפּראַך, רעדט אַף אַ טרוקענעם, צעבראָכענעם, אָפט פאַרגרייזטן „זשאַרגאָן". דאָס אַלטע שפּריכוואָרט, „רופע, הייל זיך אַליין אויס" איז דאָ גילטיק.

און דאָ קומען מיר טאַקע צו דער פראַגע וועגן דעם לערערס ראָל אַלס שפּראַך-רופע, אַלס רעגוליאַטאָר פון דער קינדערשער שפּראַך. דער לערער דאַרף און מוז זיך אַריינמישן אין דער קינדערשער שפּראַך, אָבער דאָ דאַרף ער אַרויסווייזן דעם מאַקסימום טאַקט. וועט דער לערער, לאָמיר זאָגן, זיך אַלע ווײַלע אַריינמישן, „אַריינפאַלן אין די רייד" מיט זיינע אויסבעסערונגען — וועט ער איבערשלאָגן דעם קינדס געדאַנקען-שטראָם, נערווירן אים, און סאָף-קאָלסאָף וועט אַזאַ איינער שוין פאַרזאָגן אַ צענטן צו נעמען אַ וואָרט אָדער

עפּעס דערציילן [1]. דאָס בעסטע איז, ווען דער לערער דיסקאָנטירט, פאַרשרייבט באַ זיך די גרייזן און קלייבט זיי דערנאָך פאַנאַנדער מיטן גאַנצן קלאַס, גיט זיינע אָנווייזונגען, אָרגאַניזירט איבונגען, שמועסט זיך דורך אינדיווידועל (וועגן ריין אינדיווידועלע רייד-דעפעקטן פונם קינד). אָפט קען דער לערער אומבאַמערקט אויסבעסערן דעם פעלער.

— דער ביכעלע, וואָס איר האָט מיר געגעבן איז זייער אַ גוטשינקער.— מיט וואָס איז ער אַ גוטינקער?

קעדיי צו קענען אָנפירן מיט דער מינדלעכער שפּראַך-אַנטוויקלונג, דאַרף דער לערער גוט דערלערנען דעם דיאַלעקט פון דער קינדערשער סוויווע, זיינע פאָנעטישע און לעקסישע באַזונדערקייטן. דאָס איז ביכלאַל נויטיק אין די אינטערעסן פון נאָרמאַלן גאַנג פון פעדגאָגישן פּראָצעס, ווייל דאָס ניט וויסן די שפּראַך פון די קינדער און זייער אַרום קאָן אָפט אויפשטעלן אַ וואַנט צווישן לערער און קינדער. איך בין אַמאָל בייגעווען אַף אַ לימעד, ווען אַ לערער האָט זיך אַ לענגערע צייט ניט געקענט צונויפריידן מיט די קינדער, ווייל ער האָט באַנוצט דאָס וואָרט „קו״, וואָס איז פאַר זיי געווען אומפאַר-שטענדלעך (אין זייער דיאַלעקט הייסט אַ קו—בעהיימע).

דער לערער דאַרף דיסקאָנטירן באַ זיך די שפּראַך-אָנזאַמלונג פון די קינדער. קעדיי צו האָבן די מעגלעכקייט צו באַנוצן זיך מיט זיי און פאַר-וואַנדלען זיי אין לעבעדיקען, ווירקעוודיקן קאַפּיטאַל.

פאַרשטייט זיך, אַז דער לערער אַליין דאַרף ריידן אַף דעם ליטעראַ-רישן דיאַלעקט, אַף וויפל אַזיינער איז שוין באַ היינטיקן טאָג פאַראַנען. אונ-זער אָפּגעלאָזנקייט אַף דעם געביט (דער לערער רעדט, ווי די מאַמע האָט אים געלערנט) דאַרף מען מיטן וואָרצל אויסרייסן. די האַסכאָלע דאַרפן מאַכן די פעדטעכניקומס.

6. נאַטירלעכע פאָרמען און מעטאָדן פון אַנטוויקלען די מינדלעכע שפּראַך באַ דער קאָמפּלעקס-סיסטעם. די קאָמפּלעקס-סיסטעם גיט גרויסע מעגלעכקייטן דעם לערער אין דער שפּראַך-אַרבעט מיט די קינדער. די אַרבעט נאָך דער גוס-פּראָגראַם, אויב זי ווערט נאָר דורכגעפירט אַף אַ ווירקלעך-לע-בעדיקן אויפן, מוז פאַנאַנדערוויקלען די רייד פון די קינדער. די פאַרברייטע-רונג פון דער לעבן-דערפאַרונג, די אַרבעט-פּראָצעסן, די נייע קענטעניש קענען ניט ניט אַרויסרופן קיין אַנטוויקלונג און קוואַליפיצירונג פון דער שפּראַך. באַ דער אַרבעט לויט דער קאָמפּלעקס-סיסטעם האָט דער לערער אין זיין רעשוס אַ גאַנצע ריי נאַטירלעכע מעטאָדן, וואָס העלפן מיט דער אַנט-וויקלונג פון דער מינדלעכער שפּראַך. ער דאַרף נאָר ווי געהעריק און גע-שיקט מיט זיי זיך אויסנוצן. דידאָקטיקע מעטאָדן זיינען:

---

1 אָפט טרעפט, אַז נאָכן לערערס אָנווייזן כאַזערט דאָס קינד נאָך מער איבער דעם גרייז און זיינע כאַווײרים לאַכן

א. שמועסן. פון די פאַרשיידענע טיפּן שמועסן וואָס זיינען פאַראַן (ניט דאָ איז דער אָרט זיי פאַנאַנדערצוקלייבן), איז פאַר דער שפּראַך-אַנטוויקלונג באַזונדערס וויכטיק דער שמועס. נאָך פריש-איבערגעלעבטע נייע איינדרוקן פון לעבן און נאַטור. מע גייט פרילינג אַ קוק טאָן דעם אייזגאַנג. דאָס וואַסער האָט זיך אויפגעהויבן און שטורעמט און ברילט. גרויסע, מוירעדיקע אייז-כאַיעס שווימען, קריכן איינע אַף די אַנדערע. אָט גייט אָן אַן אייז-כאַיע אַף דער בריק-נאָז און ווערט צעזעצט. די קינדער זיינען פאַרגאַפט... מע קומט צוריק אין קלאַס. מע טיילט זיך מיט די איינדרוקן. דער לערער שטעלט אַריין פון צייט צו צייט אַ פראַגע. ווי האָבן אויסגעזען די קריעס? וואָס וואָלט געשען אַז זיי וואָלטן באַגעגנט אַ שיפעלע? אָרגאַניש ווערן אַריינגעפירט נייע ווערטער, עמאָציאָנעלע אויסדריקן א. א. דאָסזעלבע אויך נאָך אַן עקסקורסיע אַף אַ פאַבריק, אין דאָרף.

נאָענט צו דעם טיפּ איז אויך דער שמועס-דערינערונג. מע דערמאָנט זיך וועגן דעם, וואָס מע האָט שוין לאַנג איבערגעלעבט. עס גייט די טעמע „קליידונג“. דער לערער שטעלט די קינדער אַ פראַגע: ווער געדענקט, ווי מע האָט אים אויפגענייט אַ נײַ קליידעלע, אַ נײַ קאָסטיומעלע? די קינדער דערציילן זייערע איבערלעבונגען. דער לערער דערציילט עפּעס וועגן זיך אויך... בּיכלאַל, דאַרף זיך דער לערער ניט באַנוגענען מיט טרוקענע סכעמאַטישע ענטפערן פון די קינדער, ער דאַרף זיי סטימולירן, אומבאַמערקט שטויסן אַף לענגערע דערציילונגען און איינדרוקן-איבערגעבונגען, און זיין אייגענער ביישפּיל קען דאָ אַסאַך העלפן. אַזאַ שמועס דאַרף צום סאָף סינטעזירט ווערן אין א קאָלעקטיוו מאַיסעלע, וואָס די קינדער שטעלן צונויף (מינדלעך, מע קען זי דערנאָך, אויב די קינדער קענען שוין, פאַרשרייבן). דאָס געשאַפענע מאַיסעלע (אַ שיפעלע צווישן די קריעס, כאַנעס קליידעלע) דאַרף גוט פאַרפיקסירט ווערן אין קינדערשן זיקאָרן דורך אָפטן אומקערן זיך צו איר.

סיי דער איינדרוקן-שמועס, סיי דער דערינערונג-שמועס קען האָבן אַן אָרט אין אַלע קלאַסן פון אינגערן קאָנצענטר (אין די עלטערע אין אַ קאָמפּליצירטערער, אינדיווידואַליזירטערער פאָרם).

אַ צווייטער טיפּ שמועס איז דער שמועס-באַהאַנדלונג, מע באַהאַנדלט זאַכלעך אַ וואָסער ס'איז פראַגע, לעבן און נאַטור-דערשיינונג. די קינדער זאָגן אַרויס זייערע מיינונגען. סאָפקאָלסאָף קומט מען צו אַן אויספיר, מע שטעלט עפּעס פעסט. אָט דער טיפּ שמועס איז זייער וויכטיק פאַר דער אַנטוויקלונג פון דער זאַכלעכער שפּראַך. געוויינלעך, דאַרף ער פאָרקומען נאָכדעם, ווי די קינדער האָבן זיך שוין געטיילט מיט זייערע לעבעדיקע איינדרוקן. בּאַ אַזאַ שמועס דאַרף דער לערער שטיין אַף דער וואַך פון דער קלאָרקייט פון די קינדערשע ענטפערן, אויב אַ קינד זאָגט ניט קלאָר אַרויס זיין געדאַנק, דאַרף דער לערער אים קומען צו הילף, ניט מיט זיינע געדאַנקען, פאַרשטייט זיך, נאָר מיט זיינע אַרויספירנדיקע שטויס-פראַגן. צום סאָף דאַרף אַזאַ שמועס סינ-

מעוירס ווערן אין עטלעכע קורצע, פּינקטלעכע פאָרמולירונגען, וואָס ווערן פאַרשריבן.

אויך דער טיפּ שמועס קען ברייט אָנגעווענדעט ווערן אין אַלע קלאַסן.

וואָס אַ גרופּע העכער, דאַרף דערדאָזיקער שמועס אָננעמען דעם כאַראַקטער פון אַ קאָלעקטיווער, וויסנשאַפט-אַרטיקער, פאָרשונג פון אַ וואָסער ס'איז דערשיינונג, געפירט אַף אַ שטרענג אינדוקטיוון אופן. „אין אונזער מאָדערנער שול פון דער 1-טער שטופע דאַרפן די קענטעניש זיך באַקומען ניט ווי אַ פּועליוצע פון איינכאַזערן פאַרטיקעס, נאָר פון דורכאַרבעטן דעם מאַטעריאַל מיט מיטלען, וואָס זיינען צוטריטלעך פאַר די טאַלמידים, פון אויסטויש מיט די רעזולטאַטן פון דער אייגענער דערפאַרונג. דער שמועס איז טאַקע אַ מאָמענט פון אַזאַ דערפאַרונג-אויסטויש, אַף אים ווערן געמאַכט אויך די אויספירן פון דער קאָלעקטיווער דערפאַרונג פון דער גאַנצער גרופּע, די אויספירן ווערן, אויב ס'איז נויטיק, פאַריכט דורכן לערער, אָבער געמאַכט ווערן זיי ניט דורך אים, נאָר דורך די קינדער. אויב די אַרבעט איז אַוועקגעשטעלט ריכטיק, אויב די אויספירן זיינען טאַקע רעזולטאַטן פון אַ לאַנגן פּראָצעס פון דערלערנען דעם איניען, וואָס האָט זיך אָנגעהויבן פון זעלבשטענדיקע נאָכמערקונגען און פאַרפעסטיקט געוואָרן גראַפיש, שריפטלעך, מינדלעך — אין אַ איבערדערציילונג אָדער פאָרטראַג — דאַן איז ניטאָ קיין נויטיקייט אויסכאַזערן אָט די אויספירן, זיי דאַרפן אַליין אַריינגיין אין דעם אוצער פון קענטעניש און פאָרשטעלונגען פון די טאַלמידים" [1].

מיר קענען זיך דאָ פאַרשטענדלעך, ניט אַריינלאָזן אין די פּראָטים פון דער אָרגאַניזאַציע פון אַ שמועס. דאָס געהער צו דער אַלגעמיינער טעאָריע פון פּעדאַגאָגישן פּראָצעס. נאָר איין מאָמענט, וואָס האָט אַ נעענטערע שאַייכעס צו שפּראַך מוז דאָ אָפּגעמערקט ווערן. פון שטאַנדפּונקט פון שפּראַך-אַנטוויקלונג פאָדערט אָפּט דער לערער באַ די קינדער פולע ענטפערן. דאָס איז ניט ריכטיק. אין לעבן רעדט מען ניט מיט פולע ענטפערן. דאָס פאָדערן פולע ענטפערן מאַכט דעם שמועס ניט נאַטירלעך, אָנגעצויגן. דאָס יאָ: מע דאַרף אַזוי שטעלן די פראַגע, אַז דאָס קינד זאָל געצוואונגען זיין צו געבן פולערע ענטפערס אַף דער פראַגע: „דיר איז געפעלן דאָס מאַיסעלע?" וועט דער טאַלמיד ענטפערן גאַנץ לאַקאָניש „יאָ" אָדער „ניין" (גיכער „יאָ"...). אַן אַנדער ענטפער וועט זיך באַקומען, ווען דער לערער וועט פרעגן: „מיט וואָס איז דיר דאָס מאַיסעלע געפעלן?" דאָ וועט דאָס קינד זיך דאַרפן אַביסל פאַרטראַכטן, זוכן צו מאָטיווירן זיין ענטפער. דער גוירל פון דעם ענטפער ליגט, בעכיין, אין דער פראַגע גופע. אַגעוו, באַקומען זיך די פולע ענטפערס צום סאָף, ווען מע פאָרמולירט די אויספירן. פון שטאַנדפּונקט פון שפּראַך-אַנטוויקלונג איז אויך נויטיק אַריינציען אין שמועס וואָס אַ גרעסערע

[1] Прогр. и метод. записки единой трудов. школы, вып. II, 1928 г. стр. 165.

צאָל קינדער, ניט פאַרלאָזן זיך אַף האַנט-הויבערײַ, אַליין פרעגן בײַ דעם, בײַ יענעם.

ב. דאָס דערציילן. דער שמועס-מעטאָד האָט אין זיך דעם אויך פאַרמיידלעכן דעפעקט, וואָס ווי גוט ער זאָל ניט זיין אָרגאַניזירט, גיט ער דאָך אַ צעבערעקלטן אויסדרוק פון געדאַנק און שפּראַך. כּוצדעם, געהערט אין שמועס די איניציאַטיוו אײַנגאַנצן דעם לערער. אָט דעם כעסאָרן דאַרף און קען מעמאַלע זיין דאָס דערציילן. שוין אין שמועס דאַרף דער לערער שטויסן, סטימולירן די קינדער צו דערציילן. ס׳איז אָבער נייטיק גיין ווייטער און אָרגאַניזירן (אָנהויבנדיק פון צווייטן קלאַס) ספּעציעלע שאָען פון דערציילן. ווי שפּעריש איז דאָס קינד אין זיין דערציילן. דאָ דאַרף ער קאָנסטרויִרן, בויען געפינען די פּאַסיקע ווערטער, אויסדריקן. דער בעסטער מאַטעריאַל פאַר דערציילן איז די פּערזענלעכע איבערלעבונג, וואָס סטימולירט און אַקטיוויזירט דאָס קינדערשע שאַפן. ס׳טויג אָבער אויך דאָס איבערדערציילן אַ געהערטע אָדער געלייענטע מאַיסע. אין ערשטן פאַל רעפּראָדוצירט דאָס קינד דעם לעבעדיקן, זאַפטיקן דערצייל-סטיל פון זיין סוויווע, אין צווייטן פאַל טרעפט גאַנץ אָפט, אַז דאָס קינד פאַרגעדענקט גאַנצע שטיקער פון געלייענטן ביכל. דאָס אַלטע איבערדערציילן פון געלייענטן איז געוועזן נודנע, ווייל קינדער האָבן איבערגעקייט הונדערט מאָל, וואָס אַלע האָבן שוין געלייענט... דאָ דערציילט דאָס קינד אַ נייס. מ׳קען אויך באַנוצן פאַנטאַזיע-טעמען, אויסטראַכטעכישן, „אַ געשעעניש אַפן שיפלעך-שפּאַציר". „איך פלי אַף אַ פּאַפּירענעם שלאַנג", „וואָס דערציילט דאָס פייגעלע פון די וואַרעמע לענדער" א. א. וו. א כאָלעם א. א.

דאָס דערציילן דאַרף פאָרקומען אַף אַ צוגעגרייטן אופן. די קינדער פאַרשרייבן זיך פריער באַם לערער, ווען און וועגן וואָס זיי ווילן דערציילן. גוט, אַז ס׳איז דאָ אַ באַשטימטער טאָג אין וואָך—די קינדער וואַרטן אַף אים מיט אומגעדולד. נאָכן דערציילן זאָגן זיך די קינדער אַרויס. אויך דער לערער גיט זיין אָפּשאַצונג, ווייזט אָן די מאַילעס און כעסרוינעס. באַזונדערס איז נויטיק אופמערקזאַם מאַכן אַף דעפעקטן אין דער צייטלעך-רוימלעכער סיידערונג פון דער דערציילונג. אָפּמערקן די מאָמענטן, וואָס זיינען קעגן דער ווירקלעכקייט (ווי, לעמאָשל, אַ קינד האָט דערציילט, ווי ער איז געקראָכן אַף אַ בוים רייסן יאַגעדעס. דאָס דאַרף מען ניט צונויפמישן מיט דעם פאַל, ווען אַ קינד דערציילט אַף אַ פאַנטאַסטישע טעמע). די אָנווייזונגען דאַרפן געמאַכט ווערן מיט טאַקט, קעדיי ניט אָפּשלאָגן באַ די קינדער דעם כיישעק צו דערציילן.

אַנדערע מיינען, אַז דאָס דערציילן איז אַן אייסעק נאָר פאַר די עלטערע גרופּן. דאָס איז פאַלש. אויך אין דריטן און פערטן קלאַס דאַרף מען פּראַקטיקירן דאָס דערציילן, נאָר, פאַרשטייט זיך, מיט אַ קאָמפּליצירטער פאָרם און טיפערן אינהאַלט.

ג. דאָס דערציילן פונם לערער. די קינדער פאָדערן, און מיט רעכט, אַז דער לערער זאָל אויך עפּעס דערציילן. און ער דאַרף טאַקע קענען עפּעס דערציילן. און זיין דערציילונג דאַרף טאַקע זיין אַ מוסטער פון אינטימקייט, אופריכטיקייט, לעבעדיק-זאַפטיקער שפּראַך, קאָנקרעטקייט און אָנשוילעכקייט.

צום באַדויערן, איז די דערצייל-קונסט זייער שוואַך אַנטוויקלט באַ אונז. דער לערער האַלט, אַז צום דערציילן דאַרף מען האָבן טאַלאַנט. דאָס איז ניט ריכטיק. יעדער לערער קען זיך אויסלערנען דערציילן. ער דאַרף נאָר אַרבעטן איבער זיך. צום דערציילן דאַרף מען זיך גוט צוגרייטן, אַלזייטיק זיך באַקענען מיט מאַטעריאַל, מיט די מענטשן, וואָס וועלן פיגורירן אין דער דערציילונג (קליידונג, וואוינונגען, שפּראַך, אַרט דענקען), אויסאַרבעטן אַ פּאַסיקע פאָרם. די באַזונדערע טיילן דאַרפן זיין שטאַרק בוילעט. דאָס אומטויקע — באַזייטיקט. די האַנדלונג, — פּאָשעט, אומיטלבאַר און באַלעבט, דער דיאַלאָג — אַ דירעקטער. אומקערן זיך צוריק — טאָר מען ניט, און דעריקער — וואָס ווייניקער באַשרייבונג און וואָס מער האַנדלונג! בעסער איז, ווען דער לערער שרייבט אָן פריער פאַר זיך די דערציילונג. דאָ קען ער פּאָרויסזען און באַטראַכטן אַלע פּראָטים. אָבער דערציילן דאַרף מען נאָכדעם פריי, שעפעריש, ניט פאַרשקלאַפט צום אָנגעשריבענעם טעקסט, דערציילן אויסדריקלעך, לעבעדיק, מיטן פּאַסיקן טאָן און שטים-טעמבר, מיט נייטיקער באַטאָנונג און אינדיווידואַליזירונג פון דיאַלאָג, אָבער אָן איבעריקע האַוואַיעס און טעאַטראַלישער זשעסטיקולאַציע.

ד. מינדלעכע באַשרייבונגען. באַשרייבן אַ זאַך הייסט אויסלערנען זיך זען און הערן, אָריענטירן זיך אין אַן אומבאַקאַנטער אומגעבונג, אין אַ באַשטימטן סיידער אויסלייגן דאָס געזעענע און געהערטע. דעריבער זיינען באַשרייבונגען אויסערסט וויכטיק פאַר דער אינטעליקטועלער אַנטוויקלונג ביכלאַל און שפּראַך-אַנטוויקלונג—ביפראַט. מאַטעריאַל פאַר באַשרייבונגען — פון די קאָמפּלעקסן-טעמעס. אָנהייבן אין ערשטן קלאַס פון קליינע קאָנקרעטע זאַכן (ווי, לעמאָשל, באַלעכאַים, געוויקסן) און וואָס ווייטער אריבערגיין צו אלץ מער קאָמפּליצירטע זאַכן. באַשרייבן דעם אויסערלעכן אויסזען פון אַ געביידע, אַ וויטרינע מיט אויסגעשטעלטע זאַכן, באַקאַנטע מענטשן („מיר זאָלן זיי דערקענען”), באַשרייבן די קלאַנגען-וועלט, (אין שול, אינדערהיים, אפן גאַס, זומער אין פעלד און אין וואַלד), אַן עקסקורסיע אַף אַ פּאַבריק, אין דער נאַטור, אַפן מאַרק, כאַראַקטעריזירן פאַרשוינען פון קינסטלערישע ווערק (אין דער עלטערער גרופּע), פון לעבן נאָך זייערע טאַטן און אויפירונג. ס'איז נויטיק צו איבן זיך אין באַשרייבן אי פון נאַטור, אי פון זיקאָרן, אי פון פאַנטאַזיע („דאָס לעבן פון .א אינגל אין אַן איינזאַמער שמירע-ביידל”). אין די אינגערע קלאַסן זיינען נייטיק הילף-פראַגן אפן לימעד. (מיט וואָס איז באַדעקט די הון? וואו זיינען באַ איר די לענגסטע פעדערן.

א. א. וו.”). „קעדיי צו דערנעענטערן צום קינד דעם קעגנשטאַנד, וואָס מע באַשרייבט, דאַרף מען אים קאָנקרעטיזירן, ד. ה. פאָרלייגן באשרייבן ניט הינדעלעך ביכלאַל, נאָר די „קינדערלעך פון אונזער געלער”[1]. ווען דער לערער וויל דורכפירן אַ באַשרייבונג פון זיקאָרן, דאַרף ער די קינדער פריער מיט אַ פּאָר טעג פארגעבן זיך גוט צוקוקן צו דער זאַך. („אין אַפּאָר טעג ארום וועלן מיר, קינדער באַשרייבן אַ שמידעריי, קוקט זיך גוט צו ווער און ווי מע אַרבעט, מיט וואָסערע געצייג א. א. וו.). דאָס אנטוויקלט באַ די קינדער די נאָכמערקונג-פעאיקייט.

דער כאַראקטער פון באַשרייבן דאַרף אף די ערשטע שטופן טראגן אַ סינקרעטישן כאַראַקטער. דאָס זאַכלעכע און עמאָציאָנעל-קינסטלערישע גייען צוזאַמען. אין די עלטערע גרופן (3, 4) קען מען און מע דאַרף שוין דיפערענצירן די באַשרייבונגען אַף זאַכלעכע און עמאָציאָנעל-קינסטלערישע.

ה. **באַריכטן און פאָרטראגן.** דידאָזיקע מינדלעכע רייד-פאָרמע איז אין אונזער היינטצייטיקן לעבן זייער אַ פאַרשפרייטע, און דאָך וויפל קענען קלאָר דערציילן וועגן אַן אָפּגעטאָנענער שטיקל מעלאָכע? וויפל קענען מאַכן זאַכלעך אַ פאָרטראג וועגן אַ וואָסער עס איז פראַגע? פון אויבנאויף קען זיך דוכטן, אַז דידאָזיקע פאָרמען האָבן מיט דער ערשטער שטופע ניט צו טאָן. נאָר דאָס איז ניט ריכטיק. שוין אין ערשטן קלאַס איז פאַראַן אַ קערנדל פון אַ באַריכט. אַ קינד האָט באַקומען אַן אויפגאַבע עפּעס דערוויסן זיך אינדערהיים און דערציילן אין קלאַס פאַר אַלעמען, (וועגן 1-טן מאַי, לאָמיר זאָגן). דער סאַנקאָם דאַרף אָפּגעבן אַ באַריכט וועגן זיין אַרבעט א. א. וו. אָט דידאָזיקע פּאָשעטע מיטיילונגען וואַקסן אויס אין די עלטערע גרופּעס און באַריכטן און פאָרטראַגן. „דאָסדאָזיקע הויכע וואָרט דאַרף ניט שרעקן ניט דעם לערער, ניט די טאַלמידים. דאָס איז אַ זאַכלעכע מיטיילונג פון אַ טאַלמיד וועגן דעם, וואָס ער האָט אויסגעפילט לויט דער שליכעס פון קאָלעקטיוו, אָדער לויט דער אייגענער איניציאַטיוו, וואָס ער האָט זיך דערוואוסט פון דער אויספאָרשונג, וואָס איז אים איבערגעגעבן צו מאַכן, אָדער פון א דורכגעלייענטן בוך. דער אינהאַלט פונם באַריכט אָדער פאָרטראג דאַרף זיין ניי און נייטיק פאַר די צוהערער”[2]. דער באַריכט אָדער פאָרטראג דאַרף זיין גוט צוגעגרייט. דער לערער טאָר ניט אַרויסלאָזן דעם פאָרטרעגער, ניט באַקענענדיק זיך פריער מיט זיין פּלאַן אָדער טעזיסן. נאָכמער, ס'איז אומבאַדינגט נייטיק, אַז דער לערער זאָל קומען צוהילף דעם פאָרטרעגער באַם צוזאַמענשטעלן דעם פּלאַן אין טעזיסן. נאָכן פאָרטראג דארף דער לערער, אַף אַ טאַקטישן אויפן מאַכן באַמערקונגען וועגן כעסרוינעס אין דער פאָרם פון פאָרטראג.

---

[1] באַרכין Развитие речи, стр. 9.

[2] „פראָגראַמען פון דער איינהייטלעכער ארבעטשול”—2-טער באַנד, ז. 168.

די פּאָרטראַגן קענען זיין צוגעגרייט אינדיווידועל אָדער אין גרופּעס
אין לעצטן פאַל רוקט ארויס די גרופּע אַ פאַראַנטוואָרטלעכן פּאָרטרעגער. די
קאָלעקטיווע ארבעט דאַרף ניט פאַרשטאַנען ווערן אין דעם זין, אַז קיין אינ-
דיווידועלע ארויסטרעטונגען טאָרן ניט זיין. דער קאָלעקטיוויזם דאַרף באַ-
שטיין אין דעם, וואָס דער אינדיווידועלער אָדער גרופּעדיקער פּאָרטראַג זאָל
זיין אַן אָרגאַנישער טייל פון אַ גאַנצער אַרבעט, וואָס דער קאָלעקטיוו האָט
אָנגעהויבן.

ס'איז געוואונטשן גלייך פונאָנהויב איינגעוואוינען די קינדער געבן זיי-
ערע באַריכטן אויסווייניק.

אויך דער לערער קען פון צייט צו צייט (ניט מיסברויכן מיט דעם!)
אַרויסטרעטן מיט אַ פּאָרטראַג, צו וועלכן ער דאַרף זיך ווי געהעריק צוגרייטן
ווייל זיין פּאָרטראַג וועט זיין פאַר די קינדער אַ לעבעדיקער מוסטער.

**ה. שפיל און דראמאטיזאציע.** דאָס זיינען אויך אלגעמיינע אק-
טיוו-שעפערישע אַרבעט-מעטאָדן פון אונזער שול, וואָס קענען שפּילן א גרוי-
סע ראָל אין דער מינדלעכער שפּראַך-אנטוויקלונג. ווער ווייס ניט, וויפל לע-
בעדיקייט, טעמפּעראַמענט, אויסדרוקפולקייט, לאָגיק עס איז פאַראַן אין די
קינדערשע שפּילן. דער לערער דאַרף עס האָבן אינזינען, לייגן אכט אַף די
קינדערשע שפּילן, אופהויבן זיי אַף א העכערע מאַדרייגע, אויסנוצן זיי אלס
אַקטיוון אַרבעט-מעטאָד. צום גרויס באַדויערן, טוט מען און מע שפּילט אין
אונזערע שולן אין „שאָל קאָזיאָל דאָראָגאָיו"...

דראַמאַטיזאציע איז אויך אייגנטלעך א ווייטערדיקע אנטוויקלונג פון
שפּיל. „דאָס איז א באַזונדער ארט שפּיל, וואָס גיסט צונויף פאַרן קינד ביידע
וועלטן — די ווירקלעכע און פארגעשטעלטע. דאָס ווערטפולסטע אין אָט דער
שפּיל איז דאָס, וואָס עס ווערט אויסגעאַרבעט די פעאיקייט צו פאַרשטיין
(אַריינגיין אין דער לאַגע) מענטשן פון פאַרשיידענע עלטערס בא פאַרשיידע-
נע לעבן-באַדינגונגען, באַגרייפט די סאָציאַלע פונקציעס פון דער שפּראַך —
דער באַלמעלאָכע וועט בא אים ריידן ניט מיט דער שפּראַך, וואָס דער סוי-
כער אָדער פויער"[1].

אַ שאָד נאָר, וואָס די לערער נוצן אויס די דראמאטיזאציע שפּיל בלויז
פאַר סצענקעס פון בוך, ווען מע קען מיט דער פולער האַנט אויסנוצן אויך
לעבעדיקע סצענעס פון דער ווירקלעכקייט („אין קאָאָפּעראַטיוו", „אין מארק"-
אין אנד.) די נאָכמערק-פעאיקייט אנטוויקלט זיך דערביי אפן העכסטן גראַד
קינדער באַקומען אַן אויפגאַבע: קוקט זיך צו צו דעם אין דעם לעבן-בילדל.
זעט וואָסערע באַוועגונגען מענטשן מאַכן, הערט זיך צו, ווי זיי ריידן, טראַכט
זיך אַריין, וואָסערע געדאַנקען זיינען בא זיי בעאייסמאַיסע פאַראַן. נאָכדעם וועט
איר עס איבערגעבן אין קלאַס אַזוי, אַז אַלע קינדער זאָלן פאַרשטיין. דאָס
איז דאָך א זעלטענע אקטיוו-שעפערישע אופגאַבע!

[1] בארכין .81 Развитие речи

ז. דאָס לייענען און די אכטגעבונג אף דער שפראך שפילן א אומגעהויערע ראָל אין דער אנטוויקלונג פון דער שפראַך, ווי פון דער מונדלע-כער, אזוי פון דער שריפטלעכער, נאָר וועגן דעם וועט גערעדט ווערן אין די וויטערדיקע געהעריקע פּראָקים.

ט. דאָס געזעלשאַפטלעכע לעבן פון שול אלס נאטירלע-כער פאַקטאָר פון שפראך-אנטוויקלונג. דאָס געזעלשאַפטלעכע לעבן פין דער שול, די פאַרזאמלונגען, קאָמיסיעס, קרייזלעך, אָוונטן, פאַר-ווײלונגען, די געזעלשאַפטלעך-נוצלעכע ארבעט אויסער דער שול, א. א. וו. האָבן א גרויסע באדייטונג פאַר דער אנטוויקלונג פון דער מונדלעכער שפראך. דער לערער פון שפראַך דארף ניט שטיין אָן א זייט פון דעם אלעם. זיין דירעקטער כיוון איז מיטווירקן, אז אט דאָסדאָזיקע געזעלשאַפטלעכע לעבן זאָל באַקומען דעם אויסדרוק אין אַ קלאָרער, קולטורעלער שפּראַך. ער דארף צוגעוואוינען די קינדער, אז זיי זאָלן זיך ווענדן צו אים מיט אנפרעגן, ווי דריקט מען זיך אויס אין דעם אָדער יענעם פאַל. ער דערף אכטגעבן אף זייער שפּראַך אף די פארזאמלונגען און נאָכדעם פאַרפירן אַ שמועס וועגן דעם.

י. אַרבעט-פּראָצעסן. ארבעט-פּראָצעסן, אויב זיי זיינען נאָר פאַ-ראַן אין שול, שפּילן ניט קיין קליינע ראָל אין דער מינדלעכער שפּראַך-אנט-וויקלונג. עס קומען צו טערמינען פון געצייג, ארבעט-פּראָצעסן, אַרבעט-פּראָ-דוקטן. בייס דער אַרבעט גופא קומט פאָר א לעבעדיקער שפראך-פארקער. דער לערער פון דידאָזיקע ארבעט-פּראָצעסן דארף זיך באציען זארגזאם צו דער שפּראַך, טערמינאָלאָגיע א. א. וו. צום באדויערן אָבער, איז די באציאונג נאָך ווייט ניט אַזאַ, ווי מע דארף. דאָ הערשט אָפט דער עמעסער „זשאַרגאָן"...

7. ספּעציעלע מעטאָדן פון אַנטוויקלען די מינדלעכע שפּראַך.

ביז איצט האָבן מיר ארומגערעדט די נאַטירלעכע פאָרמען פון שפּראַך-אנטוויקלונג, אָבער די מעטאָדיק פון מוטערשפּראַך האָט שוין אין איר רעשוס א גאַנצע ריי ספּעציפישע מאָסמיטלען אף אנטוויקלען די שפּראַך. דארף מען זיי אריינפירן אין אונזער שול באַ דער קאָמפּלעקסישער אַרבעט, וואָס גיט נאַטירלעך און אָרגאַניש אזוינע גרויסע מעגלעכקייטן צי אנטוויקלען די שפראך? וועגן דעם איז א מאכלויקעס אין דער מעטאָדישער ליטעראַטור.

נ. טשעכאָוו זאָגט זיך ארויס קאטעגאָריש קעגן דידאָזיקע ספּע-ציעלע מעטאָדן. „קיין שום באזונדערע שאָען און קיין באזונדערן מעטאָדיש צוגעקליבענעם מאטעריאל דארף מען אין שול פון דער ערשטער שטופע ניט אריינפירן. די ארבעט איבער די טעמען פון דער קאָמ-פּלעקסישער פּראָגראַם, די שול-זעלבסטפארוואלטונג, אנטייל פון די קינדער אין געזעלשאַפטלעכן לעבן און זייער לעבן גופא אין שול און הויז גיבן גע-נוג מאָמענטן און געלעגנהייטן פאַר צוועקמעסיקע איבונגען אין מינדלעכער שפּראַך"[1]. די דערפאַרונג אָבער פון די לעצטע יאָרן האָט דערוויזן, אז מע-

[1] „מעטאָדישער וועגווייזער פארן דאָרפישן לערער" — דריטער טייל, ז. 54

טאָר זיך ניט איינגאַנצן פאַרלאָזן אויף דער קאָמפּלעקסישער שפּראַך-סטיכיע. עס האָט זיך אַרויסגעוויזן פאַר אומבאַדינגט נייטיק צו האַלטן זיך אויך בעניגייע שפּראַך-אַנטוויקלונג פאַר אַ באַשטימטער סיסטעם און באַנוצן אַ ספּעציעל צו-געגרייטן מעטאָדישן מאַטעריאַל. מע דאַרף אָבער זען, אַז אויך אָט די ספּע-ציעלע מעטאָדן זאָלן זיין פאַרבונדן מיט דער גאַנצער אַרבעט.

ספּעציעלע מעטאָדן זיינען פאַראַן אַזעלכע:

א. שמועסן און דערציילונגען לויט בילדער. אַנטוויקלען די פאַרשטעלונג- קראַפט באַם קינד און דעם עסטעטישן געשמאַק, באַרייכערן די שפּראַך, געוואוינען צו קלאָרע און דייטלעכע פאָרמולירונגען. די בילדער דאַרפן זיין פולקום קינסטלערישע און נאָענטע פאַרן קינד. די סיזשעטן פון דער נאַטור, שול-לעבן, קינדער-וועלט, כאַיעס א. א. וו. זיי דאַרפן אַנטשפּרעכן דער טעמע פון קאָמפּלעקס און דינען אַלס הילף-מאַטעריאַל פאַר אים. זיי דאַרפן ניט פאַר-בייטן דאָס לעבן, נאָר דינען אַלס קינסטלערישער אויסדרוק פון די קינדער-שע לעבן-איינדרוקן. אין 1-טן קלאַס טראָגט די אַרבעט אַ פּרימיטיוון כאַראַק-טער: אַ נאָמען געבן דעם בילדל, איבערציילן, וואָס זעט מען אויף אים, צו-טראַכטן אַ מאַיסעלע. וואָס ווייטער ווערט דער מין אַרבעט קאָמפּליצירטער. מע פירט אַריין אַ ריי בילדלעך אויף איין טעמע. אין 4-3 גרופּע נעמט שוין אָן די אַרבעט אַ מער שעפערישן כאַראַקטער. די קינדער זאָגן זיך אַרויס, וואָס איז פאָרגעקומען פאַר די געשעענישן, וואָס זיינען אויסגעמאָלט אויפן בילד, וואָס וועט פאָרקומען נאָך זיי. זיי מאָטיווירן די האַנדלונג און דערגאַנצן דאָס אָנגעוואָמלטע מיט מאַטעריאַל פון זייער אייגענער דערפאַרונג, שטעלן צונויף אַ דערציילונג. מע דאַרף זיך ניט איילן מיט צונויפשטעלן דעם פּלאַן פון דער פאַרשטייענדיקער אַרבעט. „זאָלן די קינדער אַליין אָן קיינע „אונ-טערשטופּונגען" מיצאַד דעם לערער, אופמערקזאַם באַטראַכטן די בילדלעך, „דערפילן" דאָס אָנגעמאָלטע, און דערנאָך אַליין זיך צערעדן, און דעם לערער שטייט פאַר, לאָזנדיק די קינדער געגנוג זיך אָנריידן, אָנווייזן אַ וועג צו פּלאַנ-מעסיקער פאָרמירונג פון די באַקומענע פאַרשטעלונגען" [1].

ב. דערזאָגונג פון דורכגעלאָזענע ווערטער. מע גיט די קינ-דער אַ טעקסט מיט דורכגעלאָזענע ווערטער, און זיי דאַרפן אַריינשטעלן דעם פּאַסיקן וואָרט (לויטן אינהאַלט, ריטם): ס'זיינען פאַראַן צוויי טיפּן פון דעם מין אַרבעט: 1) דאָס וואָרט, וואָס פעלט קען זיין נאָר איינס (לעמאָשל „שלאָף, שלאָף, שלאָף — דער טאַטע וועט פאָרן אין... וועט ער ברענגען אַן עפּעלע, וועט זיין געזונט אין..." 2) דער צווייטער טיפּ איז אַ מער קאָמפּליצירטער: דאָס פעלנ-דיקע וואָרט ווערט ניט אַזוי בולעט אונטערגעזאָגט דורכן ריטם אין זין פון דער גאַנצער זאַך.

אָט די איבונג-שפּיל איז מער צוגעפּאַסט פאַרן 1-טן און 2-טן קלאַס. אין די עלטערע גרופּן קען זי אָננעמען דעם כאַראַקטער פון פאַרזעצן אַ דערציי-

[1] באַרכין „שפּראַך-אַנטוויקלונג" ז. 18

לונג לויטן געגעבענעם אָנהויב. דאַ דאַרפן די קינדער אויסהאַלטן דעם טאָן, די אומגעבונג, דעם כאַראַקטער פון די פּאַרשוינען א. א. וו.

ג. צונויפשטעלן דערציילונגען לויט געגעבענע ווערטער. מע גיט די קינדער עטלעכע ווערטער. וואָס קאָנען צווישן זיך האָבן א פאַרבינדונג, די קינדער דאַרפן פון זיי שאַפן אַ מעשׂהלע. אין 2-טן קלאַס פון דער פּראָווו-שול באַם וויטעבסקער איד. פּעד. טעכניקום האָט די לערערקע געגעבן דריי ווערטער: קינדער, טייך, פישעלעך. די קינדער האָט זייער פאַרכאַפּט די אויפגאַבע: מע האָט צוגעטראַכט, ווי האָבן זיך די קינדער צוזאַמענגערעדט גיין כאַפּן פיש, ווי האָט אויסגעזען דער טייך, די נאַטור א. א. וו. באַקומען האָט זיך, לעסאָף, אַזאַ מעשׂהלע[1]: אין אַ זומערטאָג האָבן זיך קינדער צוזאַמענגערעדט גיין כאַפּן פיש. אינדערפרי. די זון האָט זיך ערשט באַוויזן. די שטיינער אויפן גאַס זיינען נאָך געווען נאַס פון דער קילקייט פון דער נאַכט. מיט קוישן און מיט נעצן זיינען די קינדער געגאַנגען צום טייך. ווען די קינדער זיינען געקומען צום טייך, האָט די זון באַגילט מיט שטראַלן די שפּיגלדיקע וואַסער. די קינדער האָבן אַראָפּגעלאָזט די נעצן אין וואַסער און האָבן געוואַרט מיטאַמאָל — א געשריי: געכאַפּט, געכאַפּט! באַלד האָבן זיך אין קוישל אומגעוואָרפן לעבעדיקע פישעלעך. צופרידענע זיינען די קינדער אוועק מיט די פיש אַהיים.

מע דאַרף זען אַז די פאָרגעגעבענע ווערטער זאָלן זיין עמאָציאָנעלע, רעגן די קינדערשע פאַנטאַזיע.

דער מין אַרבעט איז אויך צופּאַסיק מער פאַר די אינגערע גרופּן. מע קען זי אָבער, אין א קאָמפּליצירטערער פאָרם דורכפירן אויך אין די עלטערע גרופּן.

ד. איבונגען אין זאַצבוי. מע גיט די קינדער א גרופּע ווערטער, צעשטעלט אין ניט קיין ריכטיקן סיידער (צ. ב. ש. קאָרן, מיט, דער, פויער, פעלד, פאַרזייט, זיין) זיי שטעלן אוף אַ ריכטיקן זאַץ: דער פויער פאַרזייט זיין פעלד מיט קאָרן. מע קען צונויפמישן ווערטער פון צוויי זאַצן, און ד קינדער געפינען, וואָס פאַר אַ וואָרט געהערט צו אַ וואָסער זאַץ און ווי איז דער זאַץ געבויט.

קינדער האָבן דידאַקטישע אַרבעט ליב און עס געוואוינט זיי איין לאָגיש און ריכטיק צו בויען א זאַץ.

צו דעמזעלביקן צוועק קען מען אויך באַנוצן מינדלעכע אַנקעטעס און לייכטע רעבוסן.

פּאַסיק פאַר די אינגערע גרופּן.

ה. קלאַסיפיקאַציעס — באַשטימונגען פון ווערטער. העלפן מיט צו אַקטיוויזירן דעם אָנגעזאַמלטן לעקסישן מאַטעריאַל און באַרייכערן אים. זיי קענען געמאַכט ווערן: 1) לויטן מאַטעריאַל (א טאָפּ איז געמאַכט פון ליים. א

1 איבערגעגעבן געקירצט, סטיל פּאַרהיט.

גלאָז פון... א. א. וו. 2) לויטן טאַם (האָניק איז זיס, ציבעלע איז... א. א. וו. 3) לויט דער פאַרב. 4) לויט דער אַרט באַוועגונג (א פייגעלע פליט א. א. וו.). 5) לויטן פאַרנעם (דער בוים איז הויך, דער קוסט נידעריק א. א. וו. וועגן לענג, ברייט, גרייס, טיף). אזוינע איבונגען קענען אויך געמאַכט ווערן מיט צייט- און רוים-באַגריפן: נאָענט—ווייט, פרי—שפּעט, איצט—לאַנג א. א. וו. פּאַסיק פאַר די אינגערע גרופּן.

7. צוקלייבן עפּיטעטן צו זאַכן. אַנטוויקלט און פאַרשאַרפט די נאָכמערק-פעאיקייט. ס'איז נויטיק אויסלערנען די קינדער קלאַסיפיצירן די אָנגעזאַמלטע עפּיטעטן. צ. ב. ש., גראָז—נאָכן קאָליר, וואוקס, ענלעכקייט מיט מאַטעריע. קלאַנג בא באַוועגונג פון ווינט, רייעך א. א. וו. שניי—נאָכן אויסזען, בליאַסק, פעסטקייט א. א. וו. פּאַסיק מער פאַר די עלטערע גרופּן.

וועגן אַנדערע טיפּן אַרבעטן איבער לעקסיק, סעמענטיק און גראַמאַטיק, באַזונדערס פאַר די עלטערע גרופּן — וועט גערעדט ווערן ווייטער אין פּיירעק „אַכטגעבונגען אף דער שפּראַך".

8. וועגן לערנען אף אויסווייניק. דאָס לערנען אף אויסווייניק געדיכטן פאַרכאַפּט זייער די קינדער. און ס'איז ניט קיין וואונדער: ווער האָט נאָך אַזוי ליב ריטמיק, ווי קינדער? פאַר דער שפּראַך-אַנטוויקלונג האָט עס אַן אויסטערלישן ווערט: צוזאַמען מיט דעם געפּילפולן אינהאַלט ווערן אין קינדערשן זיקאָרן פאַרקריצט אף אייביק שיינע קינסטלערישע אויסדריקן.

אין די עלטערע גרופּן קען מען אויך פּראַקטיקירן לערנען שטיקער פּראָזע אף אויסווייניק (צ. ב. ש., מענדעלעס נאַטור-באַשרייבונגען).

מע דאַרף אָבער איינגעוואוינען די קינדער לערנען אף אויסווייניק אף אן אָרגאַנישן אופן: לייענענדיק, אריינטראַכטנדיק זיך אין אינהאַלט[1].

9. פאָלקלאָר און שפּראַך-אַנטוויקלונג. שפּראַכווערטער, ווערטלעך, רעטענישן, שפּאַסן דאַרפן שוין פון די ערשטע שטופן פאַרנעמען א בעקאָוועדיקן אָרט אין שול. זיי גיבן טיפן אינהאַלט און פאָלקסטימלעך-שפּילעוודיקע שפּראַך-פאָרמען. זייער ווערט פאַר דער אַנטוויקלונג פון דער שפּראַך איז ניט אָפּצושאַצן. צום באַדויערן, איז דער פּאַסיקער מאַטעריאַל פון אידישן פאָלקשאַפן נאָך ניט צונויפגעזאַמלט. דאַרף עס דער לערער אַליין טאָן; אין פאַרבינדונג מיט די קאָמפּלעקס-טעמעס זאַמלען (מיט דער הילף פון די קינדער) פאַרשיידענעם פאָלקלאָריסטישן מאַטעריאַל. דאָס איז אַגעוו אויך א נוצלעכע געזעלשאַפטלעכע אַרבעט.

10. איין פּראָנט. צום סאָף איז נויטיק אנצואווייזן, אַז דערפאָלגרייכע דערגרייכונגען אין פּראַט פון מינדלעכער שפּראַך-קולטור וועלן זיין נאָר דעמאָלט, ווען אף אַלע לימודים וועט מען לייגן אף דעם אַכט. צום באַדויערן, אין בענויגייע אידיש נאָך פאַראַן בא היינטיקן טאָג אַזאַ קוק, אַז די שפּראַך

[1] וועגן טעכניק פון לערנען אף אויסנווייניק זע באַרכין „שפּראַכנאַנטוויקלונג" ז. 93-79, 83-68.

דאַרף מען אָפּהיטן, באַצ׳ען זיך צו איר זאָרגזאַם בלויז אַפּן לימעד פון אידיש...
אַזוי איז אָפּט אַפילע אין די פאַלן, ווען אין גרופּע איז פאַראַן איין לערער.
דערבײַ דאַרף געמאַכט ווערן, פאַרשטייט זיך, א־סאַך.

## ליטעראַטור:


1. Международный путеводитель ч. III стр. 40—54
2. Развитие речи (сборник под ред. Лебедевой, стр. 5—14, 40—54, 66—83, 109—119.
3. Б а р х и н — Развитие речи
4. А ф а н а с ь е в — Родной яз. в комплексн. преподавании
5. Программы и метод. записки единой трудовой школы, вып. 2.
6. Т и х е е в а — Родная речь и пути ее развития
7. В и н о к у р — Культура языка
8. א. זאַרעצקי — אָרטאָגראַפיע אין שול. „אַף די ווענן“, נומ. 2, 1929


# IV. קולטור פון שריפטלעכן וואָרט

## א. האַנטשריפט

1. לייענבאַרקייט און פלינקייט. די סאָציאַלע גילטיקייט פון שריפטלעכן וואָרט איז אָפּהענגיק קוידעמקאָל פון דער האַנטשריפט. דאָס לעבן שטעלט אַרויס צו דער האַנטשריפט צוויי גרויסע גערעכטע פאָדערונגען: לייענבאַרקייט און פלינקייט. סײַ דער שרײַבער, סײַ דער לייענער דאַרפן פאַרשווענדן אַף דערדאָזיקער אַרבעט וואָס ווייניקער צײַט און ענערגיע. ס׳איז דעריבער די דירעקטע אויפגאַבע פון דער שול (און די מינימאַלע) אויסאַרבעטן בײַ די טאַלמידים א לייענבאַרע און גענוג פלינקע האַנטשריפט.

2. פּאַסיקע אַרבעט־געצייג. ריִשיסקאָל מוז דער לערער זאָרגן וועגן פּאַסיקע אַרבעט־געצייג. מע מוז אויסוואָרצלען פון שול די שלעכטע ירושע פון די ערשטע יאָרן נאָך דער רעוואָלוציע: דאָס שרײַבן מיט בלײַפעדערס. מיט א בלײַפעדער דאַרפן זיך די קינדער באַנוצן נאָר אַף די ערשטע טריט פון שרײַב־לימעד. שפּעטער דאַרף מען אומבאַדינגט אַריבער צו טינט און פּען און אײַנגעוואוינען די קינדער באַגיין זיך מיט זיי זאָרגזאַם און פּאָרזיכטיק.

די פּענע טאָר ניט זײַן קיין שאַרפע. עס ווערט רעקאָמענדירט צום אָנהויב באַנוצן ברייטשפּיציקע פּענעס (מאָל־פּענעס), נאָכדעם אַריבער צו נומ. 86[1].
די הענטל דאַרף זײַן א הילצערנע און א קײַלעכדיקע, מיט א ניטגלאַטער

---

[1] זע באַלאָנסקי „פּעדאָלאָגיע אין מאַסן־שול“ ז. 10. די פראַגע וועלט געדאַרפט ספּעציעל אויסגעפאָרשט ווערן פון שטאַנדפּונקט פון אידישן שריפט.

איבערפלאַך אין דעם טייל: וואָס איז נאָענט צו דער פּענע, קעדיי די פינגער זאָלן זיך ניט גליטשן". לויט בלאָנסקיס באַאָבאַכטונגען דאַרף די לענג פון דער הענטל זיין 2—2½ ווייז-פינגער.

די בלייפעדערס דאַרפן זיין פון אַ גוטן סאָרט, ניט קיין קרישלדיקע. מע דאַרף די קינדער לערנען פאַרשניצן אַ בלייפעדער.

וויכטיק איז אויך די העפט, איבערהויפּט בעניגייע אָנפאַנגער. קינדער זיינען גענויגט צו שרייבן גרויסע אויסיעס—דאַרף מען עס נעמען אין אכט, אָבער מע דאַרף שטרעבן צו דערנעענטערן זיך בעהאַדראָגע צום שרייבן פון אַ דערוואַקסענעם. צו 6—8 יאָר איז שוין די קינדער גרינג צו שרייבן סאַנ-טימעטרישע אויסיעס. דאַרף מען אָנהייבן פון העפטן מיט שורעס פון אַ סאַנט-מעטער די ברייט. די ברייט פון דער העפט—12 סאַנט. אָדער 15 מיט בויגן. צאָל זייטלעך — ניט מער ווי 12—16 (אַ צו גרויסע העפט דערעסט די קליינוואַרג). ווינטשנסווערט, אז די הילע זאָל זיין באַמאָלט מיט בלומען, קינדערשע בילד-לעך. בעסער איז, אז די קינדער באַפּוצן אַליין זייערע העפטן, דאַן באַקומען זיי אָפשיי פאר זיי, היטן זיי[1].

די שול-פאַרטעס זיינען שעדלעך „גוטע" פאַרטעס קענען אין טאָך ניט זיין, ווייל יעדער פאַרטע איז אַ מעשופּעדיקער טיש, וואָס בויגט דעם קינד אַף אונטן, די פאַרפּולקומסטע פאַרטעס באַרויבן סאָף־קאָלסאָף באַם קינד די פרייהייט פון צופאַסונגען, און צווינגען אים צו זיצן אין אַן אָנגעשטרענגטער פּאָזע[2]. די קלאַסן-ברעט דאַרף זיין געפאַרבט מיט שוואַרצע אייל-פאַרב, לייכט צו רייניקן. די ברעט דאַרף מען אַלע טאָג גוט אויסוואַשן — דאָס אַנטוויקלט בא די קינדער אַ זאָרגזאַמע באַציאונג אויך צו זייערע העפטן. צום באַדויערן באַציען זיך אַף אַסאַך לערער נאָכלאָזיק צו דעם, מע שרייבט קעסיידער אַף ווייס-פאַרשמירטע ברעטער.

אין די איינגערע גרופּעס, איז ווען דער לערער רופט אויס צום ברעט, דאַרף ער פרייער אנשטרייכן אפן ברעט לייכטע ליניעס. אַנדערש שרייבן די קינדער באַרג-אַרוף, באַרג-אַראָפּ, און דעם קלאַס איז שווער זיך צו אָריענטירן.

אויך די קרייט און די ווישטיכל דאַרפן זיין זאָרגזאַם צוגעפּאַסט. די אַרבעט-געצייג דאַרפן זיין פון בעסטן סאָרט. זייער ריכטיק ווייזט אָן בלאָנסקי: „בעסער שרייבן וויניקער, נאָר בעסער, איידער שרייבן אָן אַ שיר, ווי סע שרייבן געוויינלעך אונזערע טאַלמידים, שרייבן אָן אַ שיר שלעכט. די פאַר-קירצונג פון אָט די שעדלעכע איבונגען אין שלעכטן שרייבן וועט געבן עקאָ-נאָמיע פון מיטלען, וואָס אַדאַנק זיי וועט זיין מעגלעך אויפהייבן דעם אייכעס פון די באַנוצטע שרייב-מיטלען[3].

---

[1] זע בלאָנסקי „פּעדאָלאָגיע אין מאַסן-שול", ז. 12.

[2] דאָרטן, ז. 9.

[3] קעדאַי צו באַמערקן, אז ביז היינטיקן טאָג איז נאָך ניטאָ קיין ספּעציעלע העפטן פאַר דער אידישער שול, מיט אידישע היקעס. שוין צייט אַ טראַכט טאָן וועגן דעם!

3. צוגרייט-אַרבעט. מע טאָר ניט אנהויבן מיט קליינוואַרג גליי-
פון שרייבן, וואָס פאָדערט אַ שטאַנדהאַפטיקע אָנשטרענגונג פון דער מוסקו-
לאַטור. אַ געוויסע צייט דאַרף אוועקגיין אף איבן זיך מיט פענזל און פאַר-
וואָס דיסציפּלינירט ביסלעכווייז די האַנט.

4. ווי האַלטן אַ פּען אין האַנט. „ער קען קיין פּען אין האַנט
ניט האַלטן“—זאָגט מען אין פאָלק וועגן אַן אַנאַלפאַבעט. צפּאָנים, אַז האַלטן
אַ פּען איז טאַקע אַגאַנץ שווערע מלאָכה, און מע דאַרף לייגן אַכט אַף דעם
פון אָנהויב אָן. די פּען דאַרף מען האַלטן אַזוי, אַז די פינגער זאָלן זיך באַ-
וועגן לייכט. דער ווייז-פינגער דאַרף ניט שטיין אף דער פּען, נאָר ליגן, ווייל
אַנדערש רייסט זיך די פּאַפּיר און ס'ברעכט זיך די פּען.

5. ווי מע דאַרף זיצן. פון דעם הענגט שוין אָפּ ניט נאָר דאָס
שרייבן אַליין. פון שלעכטן זיצן קען זיך באַ קינדער אַנטוויקלען קורצזיכטי-
קייט, אויסקרימען דער רוקנביין, פאַרהאַלטן די אַנטוויקלונג פון ברוסטקאַסטן
א. א. וו.

מע דאַרף אויך לייגן אכט אַף דער לאַגע פון דער העפט בעאַייסן שרייבן
געוויינלעך האַלטן מיר די העפט אַביסל קווער, מיטן ווינקל קעגן ברוסטקאַסטן.

6. דער סיידער פון די אויסיעס. ביים לערנען שרייבן (שרייבן
און ניט לייענען)[1] וואָלט מען באַדאַרפט נעמען אין אַכט די לייכט-
קייט פון די אויסיעס צום אָנשרייבן. אין אידיש קען מען איינשטעלן, לעפי-
ערעך, אזאַ סיידער: 1) ו, י, ס, ר, כ, נ, ק, וו; 2) ז, ב, ה, פּ, פ, ד; 3) א,
ע, ל, מ, ג; 4) צ, ן, ם, ך, ץ, ף. דער אופמערקזאַמער לייענער וועט דאָ
געוויס באַמערקן אַ סיסטעם אין די גרופּעס גופא, ווי אזוי אין דעם איבער-
גאַנג פון איין גרופּע צו דער אַנדערער. ביכלאַל דאַרף מען אויסמיידן וואָ-
כערע ס'איז קונצן, פליטערלעך אין שרייבן די אויסיעס. וואָס איינפאַכער—אַלץ
בעסער. לערנען שרייבן באַזונדערע עלעמענטן איז באַ אַזאַ סיסטעמאַטיק
ניט נייטיק.

7. קאַמף מיט שריפט-דעפעקטן.

א) גע לינקטקייט. די סיבע פון געלינגמקייט איז נאָך ניט באַוווּסט
ס'זיינען אויך ניטאָ קיין ראַציאָנעלע מיטלען צו היילן פון דערדאָזיקער „קרענק“
אין לעבן איז עס דאָך אַ גרויסער כיסאָרן, און דער לערער דאַרף זייער
פאָרזיכטיק און מיט נייטיקן טאַקט ווירקן אַפן געלינקטן ער זאָל שרייבן מיט
דער רעכטער האַנט. אָבער נאָר ניט נערווירן אים, ניט דערשלאָגן מיט „ענער-
גישע“ און גראָבלעכע געשרייען.

ב) שפּיגל-שריפט. שפּיגל-שריפט הייסט
פארקערטע שריפט וויניקער פאַרשפּרייט, ווי גע-
לינקטקייט (1 אַף 200 קינדער, געלינקטקייט — 10).

1 וועגן סיידער פון די אויסיעס (קלאַנגען) זע אויבן.

פּאַר אַזאַ איז גוט אָראָפּשרייבן פון אַ געשריבענעם טעקסט. אַמאָל איז נויטיק אַז דער לערער זאָל פירן מיט דער האַנט פון שרייבנדיקן.

ג) פון לינקס אַף רעכטס. טרעפט זייער זעלטן, ווייל ביכלאַל איז דאָס שרייבן פון רעכטס אַף לינקס אין העסקעם מיט די אייגשאַפטן פון קינד (רוסיש ליידט דערפאַר זייער פיל פון „דעפעקטיוון" שרייבן פון רעכטס אַף לינקס). ווען עס טרעפט זיך איז עס גיכער אונטער דער ווירקונג פון רוסיש אָדער פון ציפער. ס'איז זייער לייכט אָפּגעוווינען פון דעם.

8. אויספאָרשונג פון האַנטשריפט. דער לערער דאַרף גוט וויסן די קאָלעקטיווע און אינדיווידועלע האַנטשריפט - כעסרוינעס פון זיינע טאַלמידים, קעדיי צו קענען זיי באַקעמפן. ער מוז, בעכיין, מער-ווייניקער אָביעקטיוו אויספאָרשן די האַנטשריפטן פון זיינע טאַלמידים. צום באַדויערן, דערלויבן אונז ניט די ראַמען פון ביכל צו פאַרנעמען זיך מיט דערדאָזיקער פראַגע און מיר מוזן זיך באַנוגענען מיט אָפּשיקן דעם לייענער צו בלאָנ-סקיס „פעדאָלאָגיע אין מאַסן-שול, ז.ז. 12—13, 15.

9. אינדיווידועלקייט אין האַנטשריפט. מע דאַרף פאָדערן בא די קינדער קולטורעלקייט, ריינקייט פון האַנטשריפט, אָבער ניט קיין איינ-אַרטיקייט. די האַנטשריפט, ווי באַקאַנט, שפּיגלט אָפּ דעם אינדיווידועלן כאַ-ראַקטער פון אַ מענטשן. אַפילע זייער ענלעכע צווילינגער שיידן זיך אונטער לויט זייער האַנטשריפט.

10. אַ לימעד פון שרייבן אין דער ערשטער גרופּע [1]. ערשטער מאָמענט: צוגרייטונג. מע גרייט אָן אַפן טיש אַלץ, וואָס מע דאַרף — העפט, פען (בלייפעדער), לעשפאַפיר. די קינדער דאַרפן זיך איינגעוווינען דאָס מאַכן גיך. צווייטער מאָמענט: ציל-איינשטעלונג. (וואָס מע וועט שרייבן). דרי-טער מאָמענט: דער לערער דעמאָנסטרירט אַפן ברעט די שריפט-פּראָצעדור, שרייבט און זאָגט, ווי ער שרייבט. פערטער מאָמענט: די קינדער באַקוקן אַקטיוו (מיט אַ טרוקענער פענע) דעם אָס (זיי האָבן פאַר זיך מוסטערן), וואו ער הויבט זיך אָן, ענדיקט זיך, אַף וואָסער אָס ענלעך א. א. וו. פינפטער מאָמענט: קינדער שרייבן אייניקע מאָל דעם אָס. זעקסטער מאָמענט: פאַר-גלייכן מיטן מוסטער די אָנגעשריבענע אויסיעס, און קלייבן אויס די שענסטע פון די אייגענע און שרייבן נאָך עטלעכע מאָל.

וועגן די פעלערן דאַרף דער לערער מאַסרע זיין אין פּאָזיטיווער פאָרם: מע דאַרף טאָן אַזוי און אַזוי.

דער לימעד פון שרייבן דאַרף דויערן ניט מער ווי 15—20 מינוט.

11. איבונגען אין שיין-שרייבן. מע דאַרף פון צייט צו צייט אָרגאַניזירן איבונגען פון שיין-שרייבן אויך אין די עלטערע גרופּן. דאָס דאַרפן ניט זיין די אַמאָליקע שאָען „טשיסטאָפּיסאַניע" (שרייבן נאָכאַנאַנד

1 לויט בלאָנסקין, זע דערמאָנטן ביכל ז. 18—19.

אומזיניקע שורעס). מע דאַרף צוקלייבן טעקסטן אַזוי, אַז די קינדער זאָלן זיך סיסטעמאַטיש איבן אין שרייבן אַלע אויסיעס, אין יעדן טעקסט פּרוואַ-לירט א געוויסע גרופּע אויסיעס, וואָס כאַזערט זיך איבער. די קינ-דער אַליין קענען זיי צונויפשטעלן לויט דער אופגאַבע פון לערער. „היינט וועלן מיר שרייבן זאַצן, וואָס אין זיי זאָלן זיך איבערכאַזערן ב, ה, ד — טראַכט צו".

12. דער לערער און די כוויוווע. דער לערער אליין מוז וויין אַ מוסטער פון ריינעם און שיינעם קסאַוו, סיי ווען ער שרייבט אין העפט, סיי ווען ער שרייבט אַפן ברעט. נאָר דאַן וועט ער האָבן גענוג מאָראַלישע רעכט צו פאָדערן בא די קינדער. צום באַדויערן, לייגן די טעכניקומס אַף דעם אבסאָלוט קיין אַכט ניט. אויך די טעקסטן אַף די ווענט דאַרפן זיין אַ מוסטער פון קולטורעלן שרייבן.

13. סאָציאַלער קאָנטראָל. מע דאַרף פון טכ׳לעס אָן איינשטעלן אַ סאָציאַלן קאָנטראָל איבער די שרייב-מאַכשירים פון די קינדער. ווי מע באַקוקט די נעגל, אויערן, אַזוי דאַרף מען אויך פון צייט איבערקוקן, קאָנטראָלירן די העפטן, פענעס, א. א. וו. זאָלן זיך די קינדער איינגעוואוינען באַציען זאָרגזאַם צו זייערע שרייב-מאַכשירים. מע דאַרף אויך ווירקן אַף די קינדער אידעאָלאָ-גיש: זיי דאַרפן באַזיניקן דעם גרויסן סאָציאַלן באַטייט פון קולטורעלן שרייבן.

## ב. אָרטאָגראַפיע

1. די וויכטיקייט פון אָרטאָגראַפיע. אָרטאָגראַפיע איז אַלעמאָל געווען אַ שווערע האַלאָכע פאַר דער שול. די גרונט-סיבע: דער אונ-טערשייד צווישן דער אנגענומענער איינהייטלעכער אָרטאָגראַפיע און דער פּאַקטישער דיאַלעקטישער און פּראָווינציאַנעלער אויסשפּראַך. צו דעם קומט נאָך צו די גאַנץ פאַרשפּרייטע קינדערשע רייד-דעפעקטישקייט. דער בידעריקער אָרטאָגראַפישער ניוואָ אין דער סאָוועטישער שול אין פאַרגלייך מיט דער פאַר-רעוואָלוציאָנערער שול דערקלערט זיך אין א גרויסער מאָס מיט דעם, וואָס אונזער שול איז שטאַרק דעמאָקראַטיזירט געוואָרן. דאָס מאַסן-קינד ברענגט מיט זיך זיין דיאַלעקט, און רייד-דעפעקטישקייט איז צווישן די מאַסן-קינדער פיל מער פאַרשפּרייט. דאָס איז מעכ׳ייעוו דעם לערער אָפּגעבן פיל אויפמערקזאַמקייט דער אָרטאָגראַפישער אַרבעט.

2. די אָרטאָגראַפישע פּראָבלעם אין דער אידישער שול. די אידישע אָרטאָגראַפיע איז אָן אַן ערעך אַ לייכטערע, ווי די רוסישע, און דאָך איז מיט אָרטאָגראַפיע ניט גאָר פויגלדיק בא אונז. אַ קליינע אויספאָרשונג פון אַ 5-טן קלאַס (פון אַ וויטעבסקער 7-יאָריקער שול) האָט געגעבן אַזעלכע רעזולטאַטן: די מעדיאַנע (די מיטלסטע צאָל, ניט די דורכשניטלעכע) איז 20 גרייזן. די קלענסטע צאָל גרייזן—12. די גרעסטע צאָל—30. אין 7-טן קלאַס איז די לאַגע

ניט אַף קיין כאַך בעסער. די מעדיאַנע — 10, די קלענסטע צאָל — 4, די גרעסטע צאָל—19.

די פאַרשפרייטסטע גרייזן [1] זיינען די פאָנעטיש-דיאַלעקטישע: (ווין (וואו-הין), לייַנג, רושעס, עם, ביקאַנטער, גרייסער, האַבון, שימכע א. א. א גרויסער צאָל גרייזן שטאַמט פון ניט קלאָרער פאָרשטעלונג וועגן קלאַנגען-באַטייט פון אייניקע אויסיעס. מע שרייבט: וואָלקנדו, מיידו און פאַרקערט—גייסטל (גייסטר אין אַ 5-טן קלאַס). מע שרייבט: סטענע, דיסטיפלין, טיטאַטן און פאַרקערט: כאַראַקצעריסציק, רעפעציציעס, צעלעגראַפירן א. א. וו. א דריטע קאַטעגאָריע גרייזן נעמט זיך פון די ספעציפישע באַדינגונגען פון אונזער אַלעפבייז: ליאַליקע, שפוליקע, פישטען, שזוקעלעך, עינער, רעייטער, יצטער א. א. ווייטער גייען מאָרפאָלאָגישע גרייזן: געפרופט, שוועפט, שפילצעך א. א., גרייזן אין וואָרטגרענעץ (אַן אַראַבער אין דריי וואַריאַנטן: אַ נאַראַבער, אַנאַראַבער, אַן אַ ראַבער), טראַדיציאָנעלע (יערושעדיקע אָרטאָגראַפיע): אויפן, אָבגעגעסן, עטליכע, אייניגע א. א. אַ גאַנץ בעקאָוועדיקן אָרט פאַרנעמען די גרייזן, וואָס שטאַמען פון ניט גענוג קלאָרער פאָנעטיש-גראַפישער פאָרשטעלונג פון נייע ווערטער: נאַטורוויסנשאַפט, נאַטורווישהאַפט, ריפיטיציעס, דיסטעפלין א. א. אין ערשטן קלאַס טרעפן מיר זיך באַזונדערס מיט גרייזן, וואָס שטאַמען פון אויסיעס-ענלעכקייט: צאָגט (זאָגט), טוין (שוין), זעזאַנגען (געגאַנגען) און פון רייד-דעפעקטיווקייט: מאַטליאָסל, טאַפעטע א. א.[2]

צו יעדן פון אָט די מינים גרייזן איז נויטיק אַ ספעציפישער מעטאָדישער צוגאַנג. און דעריבער דאַרף דער לערער פריער פון אַלץ דערלערנען די קינדערשע גרייזן.

3. דערלערנען די קינדערשע גרייזן. אין אָנהייב יאָר, פאַרן צונויפשטעלן דעם אַרבעט-פּלאַן, דאַרף מען דורכפירן אין קלאַס 2 ארבעטן: א דיקטאַנט און א זעלבשטענדיקע אַרבעט, און אַפן סמאַך פון אָט די אַרבעטן צונויפשטעלן אַן אָרטאָגראַפישע כאַראַקטעריסטיק פון גאַנצן קלאַס און פון יעדן טאַלמיד באַזונדער, אַ רייסטער פון טיפּישע גרייזן (די, וואָס כאַזערן זיך איבער אַמערסטן) און, לעכאָף, אַן אַרבעט-פּלאַן אף אָרטאָגראַפיע אַף די נאָענטסטע כאַדאָשים (נעמענדיק אין אַכט די מעלוכע-פּראָגראַם). צום סאָף פון פּלאַן-פּעריאָד קען מען ווידעראַמאָל דורכפירן דעמזעלביקן דיקטאַנט, קעדיי צו זען די דערפאָלגן פון די קינדער.

4. מעטאָדן פון אָרטאָגראַפיע-לימעד:

א. די אָרטאָגראַפישע געוואוינהייטן אַלס רעפלעקס. „די אָרטאָגראַפישע געוואוינהייט, ווי יעדער אַנדערע, איז אַן אווטאָמאַטישער באַדינגטער רעפלעקס און ווי אזוינער בילדעט ער זיך אויס נאָר אין רעזולטאַט פון אַ גרויסער צאָל ריכטיק (פון שטאַנדפונקט פון דעראָבערן די געגעבענע געוואוינהייטן)

[1] לויט געזאמלטע מאַטעריאַלן פון אלע קלאסן פון דער זיבניאָריקער שול.

[2] די אוקראינער האָבן זייערע אייגענע צאָרעס. צום באַדויערן, האָב איך ניט אונטער דער האַנט קיין מאַטעריאַלן.

איסגעפּילטע אַנטשפּרעכיקע באַדינגטע רעפלעקסן. פאַרקערט יעדער רעפלעקס, וואָס אַנטשפּרעכט ניט דער געגעבענער געוואוינהייט, טאָרמאזירט איר אויסביל-דונג" [1]. פון אָט דער גרונט-האַנאָכע מאַכן מיר צוויי וויכטיקע אויספירן: 1) ס'איז נויטיק ווי מעגלעך פאַרהיטן די קינדער פון שרייבן גרייזן, וואָרעם יעדער אָנגעשריבענער גרייז „עסט זיך איין אין די ביינער" און איז דער טאָרמאָז, וואָס שטערט דער אויסאַרבעטונג פון פעסטע אָרטאָגראַפישע געוואוינהייטן. ס'איז נויטיק, בעכיין, אַ סיסטעם פון אָרטאָגראַפישער פּראָפילאַקטיק. 2) ס'זיי-נען נויטיק, פילצאָליקע, סיסטעמאַטיש אָרגאַניזירטע, אָרטאָגראַפישע איבונגען, וואָס פאָדערן אַ באַשטימטע צייט. „אָט דער קאַמף (פאַר אָרטאָגראַפיע) דאַרף זיך פירן סיסטעמאַטיש, און מע דאַרף ניט מיינען, אַז מע קען אויסאַרבעטן אַ ריכטיקע אָרטאָגראַפיע, פאַרבייגייענדיק, ניט פאַטערנדיק אַף דעם קיין צייט. אין דורכשניט דאַרף מען אָפּגעבן אַף אָרטאָגראַפיע בא 100 מינוט אַ וואָך, נאָר ניט מער, ווי 20 מינוט אַ טאָג" [2].

ב. אָרטאָגראַפישע פּראָפילאַקטיק. אָרטאָגראַפישע פּראָפילאַקטיק דארף ווערן דער גרונטיקער אָנפירנדיקער פּרינציפּ פון פּעדאַגאָג בא דער אָרגאַני-זאַציע פון דער גאנצער שריפטלעכער טעטיקייט פון די שילער. בעסער ניט דער-לאָזן צו קיין גרייזן, איידער נאָכדעם פאַריכטן זיי. די אַלטע שול האָט געקוקט קרום אף די אָנפראגן פון די שילער איינע בא די אַנדערע און באַם לערער. מיר, פאַרקערט, דאַרפן אונטערהאלטן דידאַקטיקע גוטע מידע, איינגעוואוינען די קינדער ווענדן זיך צו כאוויירים און לערער נאָך אָרטאָגראַפישע יעדיעס. מע דארף צוגעוואוינען די קינדער צום ווערטערביכל. דאָס ווערטערביכל איז בא-זונדערס וויכטיק צוליב די ווערטער-רייען, מיט וועלכע דאָס קינד באקאַנט זיך, באנוצנדיק עס. אָבער באנוצן זיך מיט אַ ווערטערביכל איז א גאַנץ שווערע מעלאכע: דארף מען אָרגאניזירן ספּעציעלע איבונגען אין באגיין זיך מיט אים [3].

דער לערער שרייבט אויס אפן ברעט נייע אָדער מער שווערע ווערטער, וואָס קענען זיך טרעפן אין דער פאָרשטייענדיקער זעלבשטענדיקער ארבעט.

די טעקסטן פון טאבעלן און דיאגראמען, לאָזונגען, וואָס הענגען אף די ווענט דארפן זיין אָנגעשריבן אבסאָלוט אן גרייזן (וויפל זינדיקט מען בא אונז בענויגייע דעם!).

שעדלעך פון דעם שטאנדפונקט איז דאָס שרייבן אָן א שיר, ווען די עלעמענטארע אָרטאָגראַפיע איז נאָך ניט באהערשט, ווייל וואָס מער מע שרייבט, אלץ מער גרייזן מאכט מען.

צו אָרטאָגראפישער פּראָפילאקטיק דארף מען אויך צורעכענען דאָס פאר-נעמען זיך מיט אָרטאָעפּיע, און דאָס איינפלאנצן באם טאלמיד קולטורעלע געוואוינ-הייטן בענויגייע האַנטשריפט, זאָרגזאַמע באַציאונג צו דער העפט, דאָס שרייבן מיט

[1] פּעראָווסקי — Навыки в комплексе стр. 69.

[2] בלאָנסקי — „Педология в масс. школе" стр. 24.

[3] זע דערמאַנטן בלאָנסקיס בוך ז. 30, וואו ס'איז פאראַן א ריי איבונגען און שפּילן.

טינט און פען. מע דאַרף אויסאַרבעטן באַם טאַלמיד אַ באַזיניקטע באַציאונג צו אָרטאָגראַפיע אַלס אַ סאָציאַל-נויטווענדיקער געוואוינהייט. ער מוז טייער האַלטן די רעפּוטאַציע פון אַ שריפטקענעוודיקן מענטשן.

## ג. אָרטאָגראַפישע איבונגען.

1. <u>וועגן אַראָפּשרייבן.</u> די פאַרשפרייטסטע אָרטאָגראַפישע איז דאָס אַראָפּשרייבן פון אַ געדרוקטן אָדער געשריבענעם טעקסט. די אָנהענגער פון דערדאָזיקער איבונג באַזירן זיך אַף לאַיס באַקאַנטע עקספּערימענטן, וואָס ער האָט דורכגעפירט אין מעשעך פון 6 יאָר אַף 3000 שילער און 1800 סע-מינאַריסטן. לויט דידאָזיקע עקספּערימענטן גיט דאָס אַראָפּשרייבן די קלענסטע צאָל גרייזן, וואָס ס'איז זייער וויכטיק פון פּראָפילאַקטישן שטאַנדפּונקט. דאָס אַראָפּשרייבן שטעלט אויך איין פעסטע אַסאָציאַציעס צווישן זע-צענטער און האַנט-מאָטאָרישן צענטער, וואָס זיינען די סאַמע וויכטיקסטע אין קאָמפּליצירטן פּראָצעס פון שרייבן (אונזער אָרטאָגראַפיע איז דאָך ניט קיין ריין פאָנעטישע). דערמאָנט זיך פּערעצעס זיכרוינעס. ווען ער איז געווען אַ כיידער-איינגל, האָט מען באַ אים איינמאָל געפרעגט, ווי לייגט זיך אויס „ויקרא". טכילעס האָט ער ניט פאַרשטאַנען וואָס עס הייסט אויסלייגן, נאָר אַז מע האָט אים דערקלערט, האָט ער גלייך דערזען פאַר זיינע אויגן די גאַנצע פאַרשע כומעש פון אָנהויב ביזן סאָף...

אָבער דאָס אַראָפּשרייבן האָט אין זיך גרויסע כעסרוינעס. עס איז, ריישיס, אַ נודנע, ניט קיין שעפערישע אַרבעט. צווייטנס, ווערט דידאָזיקע אַרבעט ס'ראָוו געטאָן מעכאַניש, און דאָס איז שוין גאָר ניט קיין פּליוס פאַר דער אָרטאָגראַפיע. „איינגעוואוינענדיק דאָס קינד שרייבן מעכאַניש, פאַרטו-שידט עס (דאָס אַראָפּשרייבן) אינגאַנצן דאָס באַזיניקן דעם אונטערשייד צווישן זיין ריידנאַרט און שריפט. דערמיט פאַרהאַלט עס די אָרטאָגראַפישע אַנטוויקלונג פונם קינד"[1], דאַרף מען, בעכיין, זוכן מיטלען צו אויסמיידן די מעכאַנישקייט אין דערדאָזיקער איבונג. ערשטנס, דאַרף דער טעקסט צום אַראָפּשרייבן ניט זיין קיין גרויסער, ער מוז אַנטשפּרעכן די אינטערעסן פון קינד, וועקן זיין געדאַנק און דערמיט גופע דורכלייגן אַ פאַרבינדונג צווישן די אויסערלעכע גראַפישע געשטאַלטן פון די ווערטער און זייער אינערלעכן באַטייט. צווייטנס, דאַרף זיך דער לערער ברייט באַנוצן מיט די ספּעציפישע מיטלען, וואָס די מעטאָדיק פון אָרטאָגראַפיע האָט שוין אין איר רעשוס. זיי זיינען אַזוינע:

א) רעטענישן (שאַפּאַשניקאָוו). געבנדיק די קינדער אַ געשריבן-אָפּגע-דרוקטע רעטעניש, לייגט זיי שאַפּאַשניקאָוו פאָר אָנמאָלן באַ זיך אין העפט דעם באַשייד און אונטערשרייבן אונטערן בילדל די רעטעניש. אין פּראָצעס פון באַשיידן די רעטעניש קוקן זיך די קינדער שטאַרק איין אין טעקסט.

---

[1] בלאָנסקי Пед. в масс. школе стр. 32

ב) דער לערער שרייבט אָן אַף דעם קלאַס-טאָוול אַ קורצע פּראָזע אָדער וואָרט. די קינדער לייענען איבער אויפמערקזאַם, פּאַרגעדענקען, דערנאָך ווישט דער לערער אַראָפּ. די קינדער שרייבן אויסווייניק (אפּאנאסיעוו). דאָ ווערט דערגרייכט, אַז די קינדער קוקן אָנגעשטרענגט אַפּן געשריבענעם טעקסט און שרייבן אַראָפּ מיטאַמאָל גאַנצע ווערטער.

ג) קולמאַן האָט אין דער לעצטער איבונג אַריינגעטראָגן אַן אויסבעסערונג: פאַרדעקן דאָס אָנגעשריבענע מיט אַ פּאַרהענגל. טאָמער וועט ווער זיך סאָפּעקן, וועט ער אַ קוק טאָן. קאָסטינס אויסבעסערונג: מאַכן אין דער לופט אַ שריפט-רעפּעטיציע.

ד) אויסקלייבערישע אַראָפּשרייבונג. אַראָפּשרייבן אַ טעקסט ניט קאָסיידער, נאָר אויסקלייבן באַזונדערע טיילן זיינע לויט אַ באַשטימטער אופגאַבע (אַ נאַטור-באַשרייבונג, אַ באַשרייבונג פון אַ פּערזאָן א. א.), געפינען אין טעקסט ענטפערן אַף באַשטימטע פראַגן און אַראָפּשרייבן זיי, אַרויסשרייבן ווערטער פון געוויסע קאַטעגאָריעס (נעמען פון זאַכן, טאוונגען, ווערטער מיט ה׳, מיט ש, מיט טראַפיקן נ, מיט ו, וי א. ד. ג.) „דאָס איז באַקוועם אָנצוואווענדן קעגן אינדיווידועלע גרייזן״ (זאַרעצקי).

ה) אופשטעלן אַ דעפאָרמירטן טעקסט. די שי׳ער דאַרפן זעלבשטענדיק צונויפשטעלן לעבנסריכטיקע פראַזעס פון באַזונדערע אַפריער געגעבענע ווערטער און וואָרט-באַהעפטן, וואָס זיינען אויסגעשטעלט אָן אַ סיידער. דאָס איז אי אַ סטיליסטישע, אי אַן אָרטאָגראַפישע איבונג. זי האָט 2 וואַריאַנטן: א) מע גיט אַ ריי ניטפאַרענדיקטע זאַצן און אַן אנטשפּרעכיקע ריי ווערטער (סיידערלאָז). ב) (מער קאָמפּליצירט): מע גיט אייניקע רייען ווערטער און וואָרט-באַהעפטן, וואָס זיינען אויסגעשטעלט אין אַן אנטשפּרעכיקער צאָל סלופּיקעס. אין יעדער סלופּיק — נאָר איינטיפּיקע ווערטער (פויער, שוסטער, לערער... זייט, אַקערט, לערנט... א. א. וו. ס׳קענען זיין 3—4 אַזעלכע סלופּיקעס, דערביי זיינען די ווערטער אויך צעשטעלט סיידערלאָז.

יעדע איבונג אַזאַ דאַרף ניט זיין קיין אָרטאָגראַפיש-צופעליקע. זי דאַרף האָבן א באַשטימטע אופגאַבע, לויטן אויסגעאַרבעטן ארבעט-פּלאַן.

ו) פרייער אַראָפּשרייבן. אַראָפּשרייבן מיט געוויסע ענדערונגען, פון איינצאָל אין מערצאָל, פון פארגאנגענהייט אין קעגנווארט, פון דריטער פּערזאָן אין ערשטער א. ד. ג., אַראָפּשרייבן לויטן זיקאָרן: מע לייענט איבער א גאַנצע פּראזע (ניט קיין לאנגע) מיט א פולקום צוטריטלעכן אינהאלט, מע מאכט אן אָרטאָגראפישן אנאליז, צוקוקנדיק זיך צו יעדער וואָרט, דערנאָך, שוין ניט אריינקוקנדיק אין טעקסט, שרייבט מען אראָפּ דעם גאנצן אינהאלט פון דער פּראזע, ניט יאגנדיק זיך נאָך טעקסטועלער פּינקטלעכקייט. פון דאנען קען מען אריבער צו —

ז) פרייען דיקטאט. דער לערער לייענט פאָר פארן קלאס א געוויסן

טעקסט, איינמאָל און א צווייטן מאָל, דערנאָך שרייבט ער אפן ברעט די שווערע ווערטער, און די קינדער שרייבן אראָפּ דעם טעקסט אלפּי זיקאָרן.

ט) נאָך מער זעלבשטענדיקייט און שעפערישקייט איז פאַראַן אין אזא איבונג: די קינדער ווערט געגעבן א געוויסער צוקלייב פון ווערטער, וואָס זייער אָרטאָגראַפיע ווערט אין געגעבענעם מאָמענט דערלערנט, און זיי דארפן פון זיי אָנשרייבן א קורצע דערציילונגל אף א וואָסער ס׳איז טעמע (שאַ- פאשניקאָוו).

י) קאָלעקטיווע שעפערישע ארבעט. האָט אן אויסשליסלעכן ווערט פאר אָרטאָגראַפיע. דאָ האָבן מיר אן אָרגאַנישע באהעפטונג פון זעלבשטענדיקע מינדלעכע און שריפטלעכע רייד. דער אינהאלט פליסט ארויס פון די אומיטל- בארע עמפינדונגען פון טאַלמיד, וואָס עס מאכט דאָס שרייבן פאר א טיף באזינטן און לעבעדיקן אקט. די קאָלעקטיווע ארבעט איז אָן סאָפעק מער ווערטפול, ווי דאָס געוויינלעכע אראָפּשרייבן. בא אָט דער ארבעט דארף מען אָפּהיטן פאָלגנדיקע קלאָלים: א) אריינציען אין דער ארבעט וואָס מער קינ- דער (ניט פארלאָזן זיך אף האנט-הייבעניש). ב) אויסלערנען די קינדער קרי- טיש אויסקלייבן פון אלע פאָרשלאגן דאָס בעסטע. ג) דעם אויסגעקליבענעם זאָץ פארשרייבט דער לערער אפן ברעט (שיין און ריכטיק!).

קריטעריע פון אָפּקלייבן קינדערשע פאָרשלאגן:

א) דער זאץ דארף אנטשפּרעכן דעם טאָן פון דער טעמע ב) זיין אין העסקעם מיטן ציל און כאראקטער פון דער ארבעט (א זאכלעכע אָדער א בילדערישע).

בא א גרעסערער ארבעט שטעלט מען פריער צונויף א פלאן, אָנמערקנ- דיק א ריי אָנפירנדיקע פראגן.

2) די ראָל פון לערער באַם אראָפּשרייבן. דער לערער טאָר ניט לאָזן אָן אופמערקזאַמקייט די אַראָפּשרייבער, ער דאַרף אַרומגיין, אריינקוקן אין די העפטן, ווענדן די אופמערקזאַמקייט אַף פעלערן, אָפּהאַלטן די צופיל-איילנ- דיקע, אָנווייזן אַף דער נייטיקייט פון פּינקטלעכן און ריינעם שרייבן, פאַריכטן דאָס זיצן, דאָס האַלטן די פען. אַ באַזונדער אַכט לייגן אַף די אָרטאָגראַפיש שווערע.

ד. אָרטאָגראַפיש-גראַמאַטישע איבונגען און קלאָלים.

דער אַראָפּשרייבן-מעטאָד איז אַ זיכערער אָבער לאַנגזאַמער וועג. ער איז צוגעפּאַסט דעריקער פאַר די אינגערע גרופּעס און פאַר פאָנעטיש-דיאלעקטישע גרייזן. ס׳זיינען אָבער פאַראַן אין דער אָרטאָגראַפיע גאַנצע אָפּטיילן, וואָס די קינדער קענען זיי, דערהויפּט אין די עלטערע גרופּן, באַגרייפן און פאַ- רייגענען גאַנץ באַוואוסטזיניק, ווי צ. ב. ש., דער מארפאלאָגישער פּרינציפּ, וואָרט-גרענעץ, אייניקע טיילן פון פּונקטואַציע, פּרעפיקס צו — צע, א און אַן א. א. מע דאַרף נאָר זען, אז די קינדער אַליין זאָלן אַרויספירן די נויטיקע קלאָלים אַפן סמאַך פון אסריער דורכגעמאַכטע קאָנקרעטע איבונגען.

ה. אנאלאָגיע־מעטאָד. בא אייניקע קאטעגאריעס גרייזן איז זייער וויכטיק דער אנאלאגיע־מעטאָד. ער באַשטימט אין דעם, וואָס די שילער שטעלן צונויף ווערטער־גרופּעס מיט אנאַלאָגישע טיילן, צ. ב. ש: רואיקער, האַסטיקער, לעבעדיקער; וואָלקנדל, מיידל, איגל; געגאַנגען, געלאָפן, געפּו-נען; אָפּגעגאַנגען, אָפּגעריסן א. א. וו.

ו. אָרטאָגראַפישע שפּילן. אין די איינגערע גרופּן איז נוצלעך, צו איינאָרדענען אָרטאָגראַפישע שפּילן. מע שפּילט אשטייגער, אין לעבעדיקע ווערטער. יעדער קינד טוט אָן אַף זיך אַן אָס. נאָכדעם רופט אויס דער לע-רער (אָדער אַ טאַלמיד) א וואָרט, און ס'גייען אַרויס די לעבעדיקע אויסיעס. ווער ס'איז אדויס ניט ריכטיק — פאַרשפּילט.

ז. אָרטאָגראַפישע טאַבעלן. אַלס רעזולטאַט פון דער אָרטאָגראַפישער אַרבעט, דאַרפן זיך באַקומען שיין געמאַכטע אָרטאָגראַפישע טאַבעלן, צ. ב. ש. אַ טאַבעלע פון די ווערטער מיטן דיפטאָנג „וי" וואָס ווערט אַריינגערעדט ווי יי (פאַר די ליטוואַקעס), מיט ו, ה, וואָס ווערן אַרויסגערעדט ווי י, א (פאַר אוק-ראַינער) א. א. וו. דידאַקטיקע טאַבעלען וועלן דינען פאַר אָרטאָגראַפישע שליס-לעך, ווי א מין אייגענער אָרטאָגראַפישער ווערטערבוך.

5. אָרטאָגראַפיע און שריפטקענטעוודיקייט. די גרייזן, וואָס שטאַ-מען פון פאַרבייטן און פאַרפעלן אויסיעס, איבערשטעלן א. א. זיינען ענג פאַרבונדן מיטן לימעד פון לייענען און שרייבן. אויב דער לימעד איז אוועק-געשטעלט ווי געהעריק, וועלן זיי קיינמאָל ניט זיין. אַף די לערער פון די גראַמאַטע־גרופּן ליגט דעריבער א גרויסע פאראנטוואָרטלעכקייט: זיי דאַרפן אַוועקלייגן אַ פעסטע באַזע פאַר דער ווייטערדיקער אָרטאָגראַפישער אַרבעט.

6. וועגן פאַריכטן אָרטאָגראַפישע גרייזן. ניט פאַריכטן קיין גרייזן ווי אנדערע ווילן האָבן, איז ניט דערלאָזבאַר: די קינדער, דערדפילן די קאָנטראָל־לאָזיקייט און הויבן אָן אויספירן די אַרבעט אָפּגעלאָזן. פון דעם פּראָגרעסירט די צאָל גרייזן. מע טאָר אויך ניט אונטערשטרייכן די גרייזן און לאָזן אַזוי, ווייל דאָס הייסט ניט אַנדערש, ווי באַווייזן די קינדער, ווי מע דאַרף שרייבן גרייזן. דער בעסטער מיטל איז — פאַרמעקן דעם גאַנצן ניט ריכטיק אָנגעשריבענעם וואָרט און איבער אים אָנשרייבן קלאָר זיין ריכטיקע פאָרם. מינדלעך דערקלערן דעם טאַלמיד פאַרוואָס אַזוי און פאָרלייגן אים איבערשרייבן עטלעכע מאָל. אין געוויסע פאַלן (וואו ס'איז מעגלעך איינשטעלן אנאלאָגיעס) איז נוצלעך צו פאַרמעקן נאָר דעם גרייזיקן טייל און פאַריכטן אים.

די קינדערשע גרייזן דאַרף דער לערער פאַרשרייבן באַ זיך אין העפט —טיפּישע גרייזן פאַריכטן אין קלאַס אַף א קאָלעקטיוון אויפן, זעלטענע — אַף אַן אינדיווידועלן אויפן, ווייל אַ גרייז איז קלעפּיק...

7. ניטדערלאָזבאַרע מעטאָדן.

א) דיקטאַט. דיקטאַט איז, דערהויפּט אין די ערשטע לערניאָרן דער בעסטער מיטל אויסצולערנען שרייבן... גרייזן, באַם דיקטאַט האָבן די קינ-

דער צוטאָן אויסשליסלעך מיט קלאַנגען-בילדער, און נאָר לויט די לעצטע קענען זיי באַטראַכטן די אָנגעשריבענע ווערטער. דעריבער זיינען דאָ גרייזן אומפּאַרמיידלעך. דאָס האָבן אויך איבערצייגנדיק באַוויזן לאַיס עקספּערימענטן. דיקטאַט קען מען דערלאָזן נאָר אַלס זעלטענעם אויספּאָרש-מיטל. אַנדערע לערער, אָנהענגער פון דיקטאַט, טוען אַזוי: זיי דיקטירן לויטן שריפט, שפּילט זיך (ניט שפּילצעך, ווי מע רעדט אַרויס נאַטירלעך) רעדי׳ט, לעבי׳ט א. א. וו. דאָס צעפּאַטערט די נאַטירלעכע אויסשפּראַך. אזוי דאַרף מען דיקטירן נאָר באַ א אינטערדיאַלעקטישער דערשיינונג (לויפן א. א. וו.), אויב שוין יאָ דורכפירן דיקטאַט אַלס לערן-מעטאָד, דאַרף מען פריער דורכמאַכן אן אָרטאָגראַפישן אַנאַליז פון טעקסט.

ב) אין די שולן איז זייער פאַרשפּרייט אַזאַ מיטל: מע רופט אויס אַ שוואַכן שילער צום ברעט. ער שרייבט אָן, פאַרשטייט זיך, מיט גרייזן, דער קלאַס באַהאַנדלט. דער מעטאָד איז זייער אַ שעדלעכער פון פיל טאַימים: די קינדערשע ריע פאַרפיקסירט פלייסיק ניטריכטיקע אָרטאָגראַמעס. דערקלערונג און פאַריכטונג העלפט ניט, ווייל: 1) דער קלאַל-באַזיניקער איז אַ אופרייצער, וואָס באַציט זיך ניט צום זע-צענטר. 2) די ריע-אופנעמונג פון פאַריכטן וואָרט ווירקט שוואַכער ווי די ריע-אופנעמונג פון פאַגרייזטן וואָרט, ווייל דער זוך-סטימול איז שוין ניטאָ, דער אינטערעס געפאַלן. כוצדעם, ווערט דער שוואַכער טאַלמיד, וואָס שטייט באַ דער ברעט שטאַרק נערווירט און צעטומלט.

ג) פון דעם שטאַנדפּונקט זיינען העכסט שעדלעך אויך די אַזויגערופענע קאַקאָגראַפישע איבונגען, וואָס זיינען געווען און טיילווייז אויך איצט פאַראַן אין די אָרטאָגראַפישע לערנביכלעך (דאָס זיינען בעקיוון פארגרייזיקטע טעקסטן, וואָס די שילער דאַרפן אויסבעסערן, אָדער ווערטער מיט צוויי אויסלייגן, און די שילער דאַרפן באַשטימען, וואָסער איז דער עמעסער).

ד) שעדלעך איז אויך פאַר דער ערשטער שטופע פון אָרטאָגראַפי׳ע דאָס בייטן זיך מיט די העפטן און פאַריכטן איינע באַ די אַנדערע די גרייזן.

8. פונקטואַציע און קולטורעלע שריפטצייכנס. פון אָנהייב אָן דאַרף מען די קינדער איינגעוויינען צו פונקטואַציע און קולטורעלע שריפטצייכנס (ווי רויטע שורע, קעפּל, דיאַלאָג-צייכנס א. א.). אָט דידאָזיקע קולטורעלע שריפט-דיסציפּלינירטקייט צוזאַמען מיט אַ קולטורעלער האַנטשריפט, העלפט זייער פיל בענויגייע אָרטאָגראַפי׳ע.

9. איין פראָנט. אָרטאָגראַפי׳ע איז אַ האריבער פראָנט, און סע טאָר אין דעמדאָזיקן פראָנט ניט זיין קיין איין שוואַכער פונקט, וואו דער סוינע זאָל קענען מאכן אַ דורכרייס. מע דארף צפשוואכן די מאָדע פון „שווארצע" אַרבעטן, ווייל זיי לערנען אויס צו שרייבן גרייזן. מע דארף באקעמפן דעם שעדלעכן קוק, אַז אָרטאָגראַפיע איז אַן איני׳ען פון שפּראַך-לימעד. אַ מינימום פון שריפטקענעוודיקייט ביכלאַל און אָרטאָגראַפיע ביפּראַט דארפן פאָדערן אַלע לערער. אָרטאָגראַפיע דארף אויך זיין אָבליגאַטאָריש פאַר דער שול-פּארוואַל-

טונג, פאַר דער זעלבסטפארוואלטונג פון די קינדער, פאָרפאָסט. „איין פראָנט־
דארף ווערן דער לאָזונג פון טאָג.

## ג. אנטוויקלונג פון דער שריפטלעכער שפּראַך

1. זעלבשטענדיקע שעפערישע שריפטלעכע אַרבעטן. האנט־
שריפט און אָרטאָגראַפיע אַליין זיינען ווייניק אַף פארוואנדלען די שפּראַך
פונם קינד אין אַ לעבעדיקן, ווירקנדיקן פאַקטאָר פון סאָציאַלן פארקער
און אינטעלעקטועלער אנטוויקלונג. די אָרטאָגראַפיע איז נאָר אַ טנאַי־
פאָרם, אַ לעוואוש פון אונזערע רייד. דערדאָזיקער לעוואוש שפּילט זייער אַ
גרויסע סאָציאַלע ראָל, אָבער ער איז ניט אלץ. אונזער שול דארף דערציען
מענטשן, וואָס זאָלן קענען שעפעריש אויסדריקן זייערע געדאנקען און געפילן
אין אַ קלאָרער לעבעדיקער און דערביי עקאָנאָמיש־שפּאָרעוודיקער, שריפט־
לעכער שפּראַך. און דאָס איז, ווי באַוואוסט, זייער אַ הארבער איניען, ווייל
פאר דער שריפטלעכער רייד־פאָרם פאָדערט זיך אַ באַזונדער קלאָרקייט, אַ
באזונדער שפּאָרעוודיקייט. בעכיין, דארף די שול פלאנמעסיק, און פון די
ערשטע טריט, קולטיווירן די זעלבשטענדיקע שעפערישע שריפטלעכע אַרבעטן
פון די קינדער, סאַי זאכלעכע, סאַי עמאָציאָנעל־קינסטלערישע. צום שרייבן איז
אָבער נויטיק אַ געוויסער גראַד פון עלעמענטארער שריפטקענעוודיקייט. מוז מען
דעריבער בענויגייע זעלבשטענדיקן שריפטלעכן שאפן דורכפירן אַ שארפע
פע אונטערשייד־ליניע צווישן די אינגערע און עלטערע גרופּן.

2. אין די אינגערע גרופּן. אין די אינגערע דארף פּרעוואַלירן ביכלאַל
דאָס מינדלעכע שאַפן. אין דעם עלטער איז די מינדלעכע רייד פונם קינד
אַסאַך רייכער, לעבעדיקער, שפּילעוודיקער, ווי די שריפטלעכע. „ביז וואַנען
דאָס קינד באזיצט ניט אַ געוויסן גראַד גיכשרייבן, איז עס אַ שלעכטער שריי־
בער. בעכיין, איז ניט נויטיק, אַז אין דער אינגערער גרופּע זאָל דאָס קינד
שרייבן „ווערק". די מינדלעכע שפּראַך דארף פארנעמען דעם ערשטן אָרט.
געבנדיק אים שריפטלעכע כיבורים, פּאַטערן זיי מיר נאָר".[1] וואָס איז שאַיעך
אינדיווידועלע שריפטלעכע ארבעטן, זיינען זיי אין דעם עלטער אַ גוט מיטל
אַף אויסלערנען די קינדער... שרייבן גרייזן.

אין די אינגערע גרפּעס דארף מען מער האלטן זיך באַ קאָלעקטיווע
אַרבעטן. עמעס, די לערער קלאָגן זיך, אַז די קאָלעקטיווע ארבעטן נעמען אָפּ
אַסאך צייט (אָפּט גייט אַוועק אַ שאָ אַף אַ פּאָר זאצן) און זיינען ווייניק פּראָ־
דוקטיוו און אָפּט זייער לאנגווייליק. אָבער דאָס איז שוין אָפּהענגיק פונם מע־
טאָד פון דער ארבעט און פון דער טעמע. די לעצטע דארף זיין ווירקלעך אַ
קאָלעקטיווע: דאָס הייסט, זי דארף „אָנרירן" אַלע קינדער אָן אויסנאַם־
נאַטירלעך, איז דאס אַזא טעמע, וואָס איז פארבונדן מיט דער קאָמפּלעקסישער

---

1 זע די אויבנציטירטע ווערק פון בלאָנסקי ז. 36 און בארכין, ז. 5.

אַרבעט. ווייטער, דאַרף דער לערער שטרעבן אַריינציען אַלע קינדער. ווי אין פאַרלייגן געדאַנקען, אַזוי אין אָפּקלייבן פון די פאַרגעלייגטע די סאַמע בעסטע (געוויער וועגן דעם — אויבן ז. 49).

אין ערשטן לערניאָר קענען זיך די קאָלעקטיווע אַרבעטן אויסדריקן אין פאָרמולירן קורצע זאַצן, וואָס שטעלן מיט זיך פאָר דעם הויפּט-געדאַנק פון אַ שמועס, אין פאַרפאַסן לאָזונגען, פּלאַקאַטן, טאַקאָנעס, אין פאַרשרייבן די ענדערונגען, וואָס קומען פאָר אין דער נאַטור, אין צונויפשטעלן אַ פּלאַן פון אַן עקסקורסיע, אין פאַרשרייבן קורץ (לויט פראגן) וואָס געזען און געהערט אַף דער עקסקורסיע. אין פירן אַ טאָג-בוך: (אין איינעם אַ קלאַס האָט מען געפירט אַזאַ טאָג-בוך: „ווי דער קלאַס האָט פאַרזעצט אַ רעטעך". 20-טן אַפּרעל: די זוימען האָט מען אַריינגעלייגט אין אַ פייכט שמאַטקעלע. זיי זיינען אָפּגעלעגן אַזוי 3 טעג. 21-טן: קימאַט בײַ אַלע זוימען האָבן זיך באַוויזן ווייסינקע שפּראָצלען. מע האָט זיי איבערגעזעצט אין גערטנדל און באַגאָסן מיט וואַסער א. א. וו.).

אָט די אַלע אַרבעטן העלפן מיט צו אויסאַרבעטן בײַם קינד אַ פעסטן, נאָרמאַלן זאַצבוי, און אַנטשפּרעכן דעם עלטער פון די קינדער.

אין צווייטן לערניאָר ווערן אָט די אַלע טיפן אַרבעט פאַרברייטערט. דאָ קען מען שוין פּרוּוון שאַפן קאָלעקטיוו אַ מאַיסעלע, אַ לידל. מע שמועסט, לעמאָשל, וועגן אַ קעצעלע. די קינדערשע אויגעלעך ברענען, אַלע האָבן וואָס צו זאָגן. די שטימונג איז אַ געהויבענע. דער לערער נוצט אויס די שטימונג „לאָמיר שאַפן אַ לידעלע וועגן דעם קעצעלע" די קינדער כאַפּן אונטער מיט ענטוזיאַזם דעמדאָזיקן פאָרשלאָג. מע שאַפט מיט כיישעק, מיט ברען, אין אַ צווייטן לערניאָר פון אַ וויטעבסקער זיבניאָריקער שול האָבן די קינדער קאָלעקטיוו געשאַפן אַזאַ לידעלע:

### מורקע די נאַשערקע.

| | |
|---|---|
| האָב איך מיר אַ קעצעלע, | שטענדיק אַף די פיסעלעך |
| האָב איך מיר אַ שיינע, | שפּרינגט אַרום גאַלאָפּ. |
| הייסן הייסט זי מורקעלע, | אַלץ, וואָס אַף טישעלעך |
| מורקעלע די קליינע. | וואַרפט זי דאָך צו ראָפּ. |
| | |
| אויגעלעך צוויי גלאַנציקע, | אָט איז זי אין אייוועלע, |
| אַ קעפּעלע אַ ברייטס. | אָט איז זי בײַם קרוג |
| כאַפּן אַ קליין מייסעלע | צעברעכט אַ קליינע שיסעלע |
| איז מורקע שטענדיק גרייט | און אַלץ נאָך ניט גענוג. |

מע האָט באַלד צוגעקליבן אַ מאָטיוו פונם לידל „אונטער אַ קליין ביימעלע) און פאַנאַנדערגעזונגען זיך מיט דער עמעסער היסלאַיוועס. פון דער שול איז דאָס לידעלע אַריבער אין אַלע אַנדערע אידישע שולן.

אַן אַנדערש מאָל, ווען מע האָט געלערנט וועגן אַ קו, האָבן די קינ-דער קאָלעקטיוו געשאַפן אַ מאַיסעלע וועגן „א פארבלאָנדזשעט קעלבעלע".

דער לערער דאַרף ניט זיין צופיל אַקטיוו אין דעמדאָזיקן קאָלעקטיוון שאַפן, אָבער ער מעג אויך אַריינטראָגן צומאָל זיינעם אַ פּאָרשלאַג, ווען די קינדער באַהאנדלען פונקט ווי זייערן.

אין צווייטן לערניאָר קען מען אויך שוין פּרואוון די בריוו-פאָרם. דער בריוו דאַרף זיין אַ נאַטירלעכער, צו אַ לערער אָדער אַ כאַווער, וואָס זיינען אַוועקגעפאָרן, צום צווייטן קלאַס אין דער דאָרפישער אָדער שטעטלשער שקאָל-שול. דערביי דאַרף מען די קינדער גוט אויסלערנען די פאָרמעלע מאָמענטן פון אַ בריוו (דאַטע, ווענדונג, אונטערשריפט, אַדרעס). גוט איז דאָס צו פאַר-בינדן מיט אַן עקסקורסיע אַף דער פּאָטשט.

3. אין די עלטערע גרופן. אין די עלטערע גרופן, ווען די קינדער האָבן שוין פאַרייגנט די עלעמענטארע שריפט-טעכניק, קען מען אַריבער צו אינדיווידועלע שריפטלעכע אַרבעטן. דאָ איז נויטיק צו באַטראַכטן אַזוינע פראַגן:

א) טעמע. פון דער טעמע איז אָפּהענגיק דער גורל פון דער שריפט-לעכער אַרבעט. זי דאַרף זיין נאָענט דעם קינד, וועקן זיינע אַסאָציאַציעס. אויב עס איז אַ זאכלעכע טעמע, דאַרף זי זיין באַקאַנט דעם קינד. ער דאַרף האָבן וועגן איר וואָס צו זאָגן. „ס'איז ניטאָ קיין שעדלעכערע זאַך, ווי געבן אים טעמעס, וואָס וועגן זיי האָט ער ווייניק געטראכט און האָט וועגן זיי ווי-ניק וואָס צו זאָגן. דאָס הייסט דערציען א אינהאלטלאָזיקן, אויבנויפיקן שריי-בער. בעסער פון אַלץ שרייבט אַ קינד וועגן דעם, וואָס אינטערעסירט אים זייער, וועגן וואָס ער האָט פיל און טיף געטראכט[1].

אויב די טעמע איז אַ קינסטלערישע, דאַרף זי וועקן באַם קינד עמאָ-ציאָנעלע אינטערעסן. דאָס קינד שרייבט גערן וועגן פאַלן, וואָס האָבן אים עמאָציאָנעל איבערראַשט. די אויפגעוואַכטע אינטואיציע רופט אַרויס די פאַסיקע אייגנאַרטיקע ווערטער און אויסדריקן. „דערציילט ווי האָט איר פיש געכאַפּט". „דערציילט עפּעס אַ אינטערעסאנטן פאַל וועגן אייער הונט" א. א. וו.

קינדער האָבן ליב צו שרייבן וועגן שפּאַציר אין וואַלד נאָך יאַגעדעס, שוועמלעך, וועגן באָדן זיך, פישכאַפּן, גליטשן פון באַרג, רייזע אין שטאָט, היי-קאָסען, ווי אָנגעקומען אין שול, שפּיל אין שניי-קוילן און שניי-באַבעס, וועגן דער מישפּאָכע, באַלעכאַים, אייזגאַנג, צייטן פון יאָר, צוטראכטן אַ מאַי-סעלע א. אַנד. קינדער האָבן אויך ליב טעמעס, וואָס וועקן זייער פאַנטאַזיע. זיי האָבן ליב דערציילן וועגן זייערע כאַלוימעס.

אינטערעסאַנט איז פאַר קינדער די טעמע וועגן זייער צוקונפט, וואָס ווער עס וויל זיין און פאַרוואָס?

---

1 בלאָנסקי — דאָרטן, ז. 36.

די עלטערע קינדער פירן מיט גרויס אינטערעס די געשיכטע („דעם פּינקעס") פון זייער קלאַס. יעדער טאַלמיד באַשרייבט לויט דער ריי אין משך פון אַ וואָך די וויכטיקסטע פּאַסירונגען אין קלאַס (פּאַסירונגען און ניט דעם טאָג-טעגלעכן גאַנג — דאָס איז אומעטיק).

די טעמעס קענען אַרויסשווימען דירעקט פון דער קאָמפּלעקס-אַרבעט אָדער פון געלייענטע קינסטלערישע דערציילונגען.

איבערדערציילונגען זיינען ניט אינטערעסאַנט.

גערן שרייבן די קינדער וועגן זייערן אַ באַליבטן העלד, וואָס איז אַוועקגעשטעלט געוואָרן אין נייע באַדינגונגען, צ. ב. ש. „מאָטל פּייסי דעם כאַזנס ווערט אַ פּיאָנער", שלוימעלע (פון „מעסערל") קומט אָן אין אַ קינדער-גאָרטן, „מאָטקע איז אַרויס און מער ניט געקומען"... (צו אַשס „באַם שוסטער אין דער לער").

אין 4-טן קלאַס קען מען פּרוּוון דעם אַכטגעבונג-מעטאָד: מע פרעגיט די קינדער אַזאַ אויפגאַבע: קוקט זיך צו, קינדער, גוט צום וואַלד. באַמערקט יעדער קלייניקייט וואָס סע זעט דאָס אויג, דער אויער הערט און דער קערפּער פילט און דערנאָך וועלן מיר אָנשרייבן אַף דער טעמע: „ווינטער אין וואַלד". אַזוינע אַכטגעבונגען קענען אויך דורכגעפירט ווערן אַף מענטשן, זייער אויסערלעכקייט, קליידער, געשפּרעך, אַרבעט. באַזונדערע סימאָנים, וואָס וואַרפן זיך שטאַרק אין די אויגן. צום פאַרגלייכן לייענט מען פּאַשעטע דערציילונגען פון די קלאַסיקער, וואו ס'זיינען פאַראַן אַלערליי באַשרייבונגען און כאַראַקטעריסטיקעס. אַ ווייטערדיקער טריט וועט זיין כאַראַקטעריסטיק דורך האַנדלונג און טאַט, שילדערן אַ לעבעדיקע סצענקע, מע קען אין 4-טן קלאַס באַאַרבעטן אַ לייכטן סוזשעט. דאָ דאַרף מען טאָן אַזוי: מע דאַרף נעמען אַ סוזשעט פון אַ געדרוקטער דערציילונג און באַאַרבעטן מיט די קינדער און נאָכדעם באַווייזן זיי, ווי דער אַווטאָר האָט עס אויסגעפירט.

די טעמע טראַכטן צו די קינדער אַליין, אָבער אויך דער לערער קען מאַכן זיינע פאָרשלאָגן.

וויכטיק איז אויך די פאָרמולירונג פון דער טעמע: זי דאַרף זיין אַ קאָנקרעטע, אָנרעגיקע, סטימולירנדיקע[1].

מע דאַרף איינגעוואוינען די קינדער זאָרגזאַם און באַטראַכט אויסקלייבן אַ טעמע. אויסגעקליבן — איינגעשפּאַרט זי אויספירן. דאָס וואַרפן זיך פון איין טעמע צו דער אַנדערער נערווירט די קינדער.

ב) פּלאַן. אַנדערע שפּראַך-לערער זיינען קעגן פּלאַנען, מאָטיווירנדיק דערמיט, וואָס זיי שטערן דער פרייער שאַפונג פון די קינדער. דאָס איז אָבער ניט ריכטיק. קיינער שרייבט ניט אָן אַ פּלאַן. אויב ער איז ניט אָנגעשריבן, איז ער אין קאָפּ פאַראַן. אַפילע גרויסע קינסטלער האָבן געשריבן זייערע

[1] פיל טיפן אַרבעטן, וואָס זיינען אָנגעוויזן געוואָרן בענויגייע מינדלעכער שאַפונג, זיינען אויך דאָ גילטיק. זע קאַפּיטל II.

ווערק לויט פֿאָרויסגעאַרבעטע פּלאַנען. פּאַרקערט, מיר דאַרפֿן אַנטוויקלען באַם קינד די פֿעאיקייט צו שרייבן לויט אַ פּלאַן. דאָס אויפֿשטעלן פּלאַנען פֿון געדרוקטע ווערק קען אין דעם פּראַט אַסאַך מיטהעלפֿן.

ג) דאָס פֿאַריכטן שריפֿטלעכע אַרבעטן. אויך דאָ איז גילטיק דער כּלל: בעסער ניט דערלאָזן צו פֿעלערן, איידער נאָכדעם פֿאַריכטן זיי. ניט מישפּטן די שוין אָנגעשריבענע אַרבעטן דאַרף זיין די ראָל פֿון לערער, נאָר העלפֿן שרייבן גוטע אַרבעטן. סײַ בעאייסן שרייבן, סײַ פֿאַרן שרייבן דאַרף דער לע-רער קומען מיט זיין אייצע. און די קינדער דאַרפֿן פֿילן, אַז מע קען זיך ווענדן צום לערער נאָך אַן אייצע. אָבער די אייצעס דאַרף דער לערער געבן מיט טאַקט: ניט צעשטערן די אינדיווידואַליטעט פֿון דער קינדערשער שאַפֿונג.

וועגן פֿאַריכטן אָרטאָגראַפֿישע גרייזן האָבן מיר שוין אויבן גערעדט. מיט סטיל-גרייזן איז די לאַגע שווערער. דער לערער זאָל אַריינשטעלן אין טעקסט זיינע אויסבעסערונגען — איז ניט געוואונטשן: אָפֿט קענען זיי צע-שטערן דעם גאַנצן כאַראַקטער פֿון דער קינדערשער אַרבעט. מיר רעקאָמענ-דירן: פֿאַריכטן אין טעקסט נאָר ריין-גראַמאַטישע גרייזן. פּלאַן-פֿעלערן אָפּ-מערקן מיט ציפֿערן, לאָגישע — מיט אַ פֿראַגע-צייכן. סטיליסטישע — אָפּמערקן באַ באַ זיך און פֿאַנאַנדערקלייבן אין קלאַס. רעצענזירן שריפֿטלעך, אָנווייזנדיק קאָנקרעט אי די מאַילעס, אי די כעסרוינעס (באַפּרידיקט, ניט באַפּרידיקט — זאָגט גאָרניט די קינדער). לייענען און אַנאַליזירן איינציקע אַרבעטן אין קלאַס (אַ גוטע, אַ מיטלמעסיקע און אַ שוואַכע — יעדעס מאָל פֿון אַנדערע קינדער). אין 4-טן קלאַס קענען שילער צוגרייטן זיך רעצענזירן איינציקע אַרבעטן. אינ-דיווידועלע גרייזן — אויסבעסערן פּערזענלעך. באַם אָפּגעבן די אַרבעטן — איינ-געוואוינען די קינדער דערלערנען זייערע פֿעלערן.

געדענקען איינס: ניט פֿיל שרייבן דאַרף זיין די אויפֿגאַבע, נאָר גוט שרייבן. איינגעוואוינען די קינדער אַרבעטן אויפֿמערקזאַם און אָנגעשטרענגט איבער זייערע כיבורים. אין די אַמעריקאַנער שולן פֿירט זיך אַזוי: נאָכן אָנ-שרייבן לייענען די קינדער דריי מאָל זייערע אַרבעטן: דעם ערשטן מאָל ווענדן זיי די אויפֿמערקזאַמקייט אַפֿן אינהאַלט, דעם צווייטן מאָל — אַף סטיל און סינטאַקס, דעם דריטן מאָל — אַף אָרטאָגראַפֿיע און ענגן זין.

נוצלעך איז צוגרייטן מיט די קינדער פּלאַקאַטן פֿון טיפּישע גוט-אויפֿגע-בויטע זאַצן אין פּראַט פֿון ווערטער-סיידער, סובאָרדינירונג א. א.

4. סטיליסטישע איבונגען. די איבונג-טיפּן, וואָס מיר האָבן אָנגעוויזן אין קאַפּיטל „קולטור פֿון מינדלעכן וואָרט", קען מען אויך אויסנוצן פֿאַר שריפֿטלעכע איבונגען. וועגן סעמאַנטישע און גראַמאַטישע איבונג-טיפּן וועט גערעדט ווערן אין קאַפּיטל „אַכטגעבונג אַף דער שפּראַך". דאָ וויל איך נאָר אָנווייזן אַף אַן אינטערעסאַנטן מיטל ווי צו באַווייזן די קינדער די מאַילעס פֿון דער קינסטלערישער שפּראַך: מע נעמט אַ שיינעם קינסטלערישן זאַץ (פֿון אַ ליטעראַריש ווערק) און מע טיילט אויס פֿון אים די סאַמע בילדערישע

ערטער זיינע. די קינדער איבערצייגן זיך, אַז דער זאַץ האָט פאַרלאָרן זיין שילדערנדיקע קראַפט. דאַזעלבע קען מען טאָן אויך פאַרקערט.

5. וועגן דערלערנען די קינדער לויט די שריפטלעכע אַרבעטן. ווי דערוואַקסענע אַזוי קינדער שרייבן ניט אַף איין אויפן. פאַרן לערער איז נוצלעך פעסטשטעלן דעם כאַראַקטער פון זיינע שילער לויט די שריפטלעכע אַרבעטן. טיפן שרייבער זיינען צווישן קינדער פאַראַן אַזוינע: א) פּאַסיוו-באַשרייבנדיקער. באַשרייבט אַלץ וואָס ער זעט, אָן פאַרבינדונג און סוביעקטיווער באַנעמונג ב) נאָכמערקעוודיקער. טראָגט אַריין אין אַלץ, וואָס ער זעט עפּעס אייגנס, בינדט צוזאַמען און מאכט אויספירן. ג) עמאָציאָנעלער. נעמט אַלץ אויף מיט אַ געוויסער עמאָציאָנעלער באַפאַרבונג און שטימונג. ד) געלערנטער, ווענד אָן צו אַ קאָנקרעטער דערשיינונג, די יעדיעס, וואָס ער האָט באַקומען פון בוך אָדער אין שול אַף די לימודים.

דאָס קענען די קינדער ווען דעם לערער העלפן באַם געבן די טעמעס.

6. קאָנקרעטער פּלאַן פון שריפטלעכע אַרבעטן צום קאָמפּלעקס „אונזער שטעטל". באַם דורכאַרבעטן דעם קאָמפּלעקס „אונזער שטעטל" קענען אין פּראָצעס פון דער אַרבעט אַרויסדרינגען פאָלגנדיקע טעמעס פאַר שריפטלעכע אַרבעטן: א) צום אַריינפיר: דער ציל פון אַריינפיר איז צו באַקענען די קינדער מיט דעם אַלגעמיינעם אויסזען פון שטעטל און אָריענטירן זיך אין זיין געאָגראַפישער לאַגע. דאָ קענען זיין אַזוינע טעמעס; מיין באַליבטער אָרט אין שטעטל, דער וועג צום וואָקזאַל, דאָס שטעטל דרימלט, האַרבסט אין שטעטל וויאַזוי וואָלט איך געוואָלט ס'זאָל אויסזען אינזער שטעטל, וועגן וואָס מורמלט דאָס טייכל, אונזער וואַלד, אָדער אין וואַלד נאָך יאַגעדעס. ב) געשיכטע פון שטעטל. קעדיי צו באַקענען זיך מיט דער געשיכטע פון שטעטל, הייסן מיר די קינדער דערוויסן זיך אינדערהיים וועגן דער שטעטליקער פאַרגאַנגענהייט. נאָכדעם אָרגאַניזירט מען אַ שאָ פון מינדלעכער שאַפונג — די קינדער דערציילן וועגן דעם, וואָס זיי האָבן זיך דערוואוסט וועגן שטעטל. אַלס רעזולטאַט שרייבט מען אָן אַ קאָלעקטיווע אַרבעט: „וואָס האָט מיר מיין זיידע דערציילט וועגן אונזער שטעטל". ג) געאָגראַפישע לאַגע. ווען די קינדער אַרבעטן דורך די געאָגראַפישע לאַגע פון שטעטל, באַקענען זיך מיט אַ קאַרטע, פיר האָריזאָנט-זייטן, קאָמפּאַס, קענען זיי שרייבן אַף אַזוינע טעמעס: מיין רייזע איבער דער וועלט (אַ כאָלעם), דער קאָמפּאַס האָט געראַטעוועט א. אנד. 3) אַרבעט אין שטעטל. די אונטערטעמע דאַרף באַקענען די קינדער מיט פאַרשיידענע מינים באַשעפטיקונגען אין שטעטל, די אַנטוויקלונג פון די פּראָדוקטיווע קויכעס פון מענטשן, ד. ה. דערלערנען דעם וועג פון קוסטאַר ביזן זאַוואָד, די לאַגע פון דעם אַרבעטער אַמאָל און היינט. די קינדער ווען דורכפירן אַ ריי עקסקורסיעס באַ די קוסטארן, אַפן פאַבריק, אין מיל. קענען זיין אַזוינע שריפטלעכע אַרבעטן: דאָס ליד פון די מילשטיינער, דריי דוירעס: ווינט, וואַסער, דאַמף, דאָס פּאַבריק-פייפל, ווי אַזוי האָט מען באַ אונז דורכגעפירט אַן

אײזנבאַן-ליניע, מושקע דאָס לערנאינגל. ה) צו דער טעמע אָקטיאַבער-רעוואָ-
לוציע: ס׳פלאַטערן פאָנען, דאָס שטעטל רודערט און קאָכט, דאָס שטעטל האָט
זיך אָנגעטאָן יאָנטעוודיק. ו) האַנדל און קאָאָפּעראַציע: דאָ דאַרף פאַר די קינדער
קלאָר װערן, װי אַזױ די פּראָדוקטן פון אַלע מינים אַרבעט דערגײען צום גע-
ברױכער, װי דער קאָאָפּעראַטיװ און מעלוכע האַנדל שטױסן אַרױס דעם פּרי-
װאַטניק, װאָס די ראַטן-מאַכט טוט פאַר פּראָדוקטיװיזירן די אידישע מאַסן. דאָ
װעלן זײַן אַזױנע טעמעס; אַ מאַרקטאָג אין שטעטל. אַ יאַריד-טאָג אין שטעטל,
װי אַ קלײן דאָרפיש אינגל איז געקומען אין שטעטל אַפן יאַריד, אָרגאַניזירט
אַ קאָאָפּעראַטיװ אין שול, אַ נײַ לעבן (װעגן אַ אידישן קאָלעקטיװ), װי אַזױ
כאַיִם האָט אַריבערגעװאַנדערט אין אַ קאָלאָניע, אַ בריװ פון קאָלאָניע.
ז) דאָס קולטור-לעבן אין שטעטל: אין דער טעמע דאַרף מען פעסטשטעלן
אַף װיפל אונזערע קינדער זײַנען באַקאַנט מיטן געזעלשאַפטלעכן לעבן פון
שטעטל און נעמען אין אים אַן אָנטײל, געבן אַ פאָרשטעלונג װעגן דער פאַר-
בינדונג מיט דער קרײַז-שטאָט. די שעפערישע אַרבעטן קענען דאָ זײַן אַזױנע:
װי איך בין געפאָרן פון שטעטל אין שטאָט, אונזער פאָלקהויז, די געשיכטע
פון אונזער טעלעפאָן און טעלעגראַף, דער פּיאָנערן-קלוב, װאַלן אין ראַט, איך
װיל זײַן אַ פּיאָנער.

אױסער די אָנגעװיזענע קענען זײַן אַרבעטן אין פאַרבינדונג מיט די
צײַטן פון יאָר (דער זומער גײט אַװעק, האַרבסט אין װאַלד, די פײגעלעך
פליען אַװעק, דער ערשטער שנײ, װי װײַס איז אַלץ אַרום, אַף גליטשערס,
דער פראָסט באַמאָלט די פענצטער), אין פאַרבינדונג מיטן דורכאַרבעטן דעם
קינסטלערישן מאַטעריאַל (זע װײַטער).

7. קאָלעקטיװע אַרבעטן אין די עלטערע גרופּן. מעגלעך אַף צװײ אױ-
פאַנים: אָדער א גרופּע קינדער מאַכט צוזאַמען אײן שריפטלעכע אַרבעט
אָדער א גרופּע נעמט א גרעסערע טעמע און צעטײלט צװישן אירע מיטגלי-
דער קלענערע אינדיװידועלע אופגאַבן, װאָס פון זײ װערט נאָכדעם צוזאַמענ-
געשטעלט די גאַנצע אַרבעט. אין ערשטן פאַל, דאַרף מען די גרופּעס אַזױ
צוזאַמענשטעלן, אז אַלע זאָלן זײַן אַקטיװ.

8. זאַמלביכער. קינדער (און אַלע מענטשן) האָבן ליב, אז מע אינטערע-
סירט זיך מיט דעם פּראָדוקט פון זײער אַרבעט, מע פאַרהיט אים. מע דאַרף
די בעסערע קינדערשע אַרבעטן צונױפזאַמלען אין א זאַמלבוך, װאָס זאָל
קאָנצענטרירט זײַן אַרום אײן טעמע. באַשטימען די אַרבעטן פאַרן זאַמלבוך
דאַרפן די קינדער אַלײן. פון די אױבנאָנגעװיזענע אַרבעטן װעגן שטעטל קען
צוזאַמענגעשטעלט װערן א זאַמלבוך „אונזער שטעטל“, װאָס זאָל בעסער
אָפּשפּיגלען דאָס גאַנצע אַרומיקע לעבן.

9. װאַנטצײַטונג. די װאַנטצײַטונג האָט זיך אײַנגעבירגערט אין אונזערע
שולן און אַרױסגעשטױסן די אַמאָליקע שול-זשורנאַלן. מיט איר פילסטיליקײט

אין פאַרשיידענע זשאַנרען גיט זי אַ ברייט פעלד פאַר שריפטלעכער שפּראַך-אַנטוויקלונג, און דער לערער פון שפּראַך דאַרף זי אויסנוצן אין דער ברייטער מאָס, פאַנאַנדערקלייבן פון צייט צו צייט אירע אַרטיקלען, לידלעך, נעמען אָן אַקטיוון אָנטייל אין איר רעדאַקציע א. א. וו. די לעצטע צייט זיינען געמאַכט פּרואוון פון קלאַסן-וואַנטצייטונגען (אָנהויבנדיק פון צווייטן קלאַס). דאָס איז זייער אַ גוטער איינפיר, וואָס סע לוינט נאָכצוטאָן.

10. איין אַלגעמיינער קלאַל: — וואָס אינהאַלטרייכער די קינדער וועלן זיין, וואָס מער זיי וועלן לייענען, וואָס מער ס'וועט אַנטוויקלט זיין זייער אַכטגעבונג-פעאיקייט, אַלץ בעסערע שרייבער וועלן זיי זיין. אַנטוויקלען די קינדער אין דער ריכטונג — דאַרף זיין די אויפגאַבע פונם לערער.

11. סטאַנדאַרטע שריפטלעכע פאָרמעס. ווער פון אונז געדענקט ניט טשעכאָווס דערציילונג וועגן סטודענט, וואָס איז שיינע עטלעכע שאָ אָפּגע-שטאַנען באַם אָנקלאָגן-בוך און ניט געקענט געפינען קיין פּאַסיקן נוסעך פאַר זיין אָנקלאָג? און מיט וועמען פון אונז קומט ניט פאָר דיזעלביקע מאַיסע, ווען מיר דאַרפן אָנשרייבן אַ געוויינלעכע מעלדונג? אַ פּראָטאָקאָל? די סטאַנדאַרטע שריפטלעכע פאָרמעס שפּילן אַ גאַנץ גרויסע ראָל אין לעבן, און מיר דאַרפן אויסלערנען די קינדער זיי באַהערשן. אין דער צווייטער גרופּע קען מען שוין (אויסנוצנדיק די קלאַס-פאַרזאַמלונגען) אויסלערנען די קינדער שרייבן אַ געוויינלעכן פּראָטאָקאָל: פּראָטאָקאָל פון דער פאַרזאַמלונג פון צווייטן קלאַס נומ..., 25-טער יאַנואַר, 1928 יאָר.

געהערט... באַשטימט... אונטערשריפטן.

דער לערער דאַרף אויסנוצן אַ פּאַסיקע געלעגנהייט (מע דאַרף עפּעס קויפן פאַרן קלאַס) און אָנשרייבן אַ מעלדונג אין שול-ראַט, אַ באַקאָשע אין אַ פאַבריק וועגן אַן עקסקורסיע; דאָסזעלבע אויך מיט איינלאַדונגען, פּרימיטיווע אַנקעטעס. אין די עלטערע גרופּעס דאַרף מען אויסלערנען די קינדער אַ קאָמפּליצירטן פּראָטאָקאָל, צונויפשטעלן אַ כעשבן, קוויטאַנציע, אַקט, אינווענ-טאַר-בוך, אַווטאָביאָגראַפישע אַנקעטע, טעלעגראַמע א. א. וו. דאָס אַלץ דאַרף געטאָן ווערן אין צוזאַמענהאַנג מיט לעבעדיקע אינטערעסן.

## ד. דיסקאַנט פון שריפטקענעוודיקייט

קעדיי דער לערער זאָל קענען ווי געהעריק יעדן טאַלמיד, זיינע דע-פעקטן און די דינאַמיק פון זיין שריפטקענעוודיקייט איז ווינטשנסווערט ער זאָל איינפירן אַ פּערזענלעכע דיסקאַנט-קאַרטל פאַר יעדער טאַלמיד [1].

---

[1] גענומען פון באַרכינס בוך „Развит. речи“ ז. 26 — עטוואָס איבערגעאַנדערשט.

# אַ דיסקאָנט-קאַרטל

| | 1-טער כוידעש | 2-טער כוידעש | 3-טער כוידעש | 4-טער כוידעש |
|---|---|---|---|---|
| 1. דויער (אין שאָען) . . . . . . . . . . | | | | |
| 2. אויסערלעכער אויסזען: | | | | |
| א. ריינקייט . . . . . . . . . . | | | | |
| ב. לייענבארקייט . . . . . . . . | | | | |
| 3. אָרטאָגראַפיע: | | | | |
| א. דורכלאָז פון אויסיעס . . . . | | | | |
| ב. פאָנעטישע גרייזן . . . . . . . | | | | |
| ג. מאָרפאָלאָגישע . . . . . . . . | | | | |
| ד. דעפעקטיווע . . . . . . . . . | | | | |
| ה. וואָרטגרענעץ . . . . . . . . | | | | |
| ו. אפשטעלצייכנס . . . . . . . . | | | | |
| 4. סינטאקס: | | | | |
| א. אין פּאָשעטן זאץ . . . . . . . | | | | |
| ב. אין קאָמפּליצירטן זאץ . . . . . . | | | | |
| 5. די לאָגישע זייט. . . . . . . . . . . | | | | |
| 6. אויסגעהאַלטנקייט פון פּלאַן. . . . . . | | | | |
| 7. סטיל. | | | | |
| א. ריינקייט (נאָענטקייט צו דער נאָרמאַל-ליטעראַר. שפּראַך) . . . . | | | | |
| ב. קלאָרקייט . . . . . . . . . | | | | |
| ג. בילדערישקייט . . . . . . . . . | | | | |

באַם אָנפילן די רובריקעס פון אָפּטייל 3 דאַרף מען אָוועקשטעלן די צאָל גרייזן אין אַ זייטל פון שריפטלעכן טעקסט. באַם אָנפילן די אַנדערע רובריקעס ווערן באַנוצט אַזוינע צייכנס: — (נידעריקער פון מיטעלן), + (מיטעלער), ++ (גוט).

## ליטעראטור:

1. Блонский — Подол. в масс. школе.
2. Афанасьев — „Краткая метод. род. языка.“
3. Поровский — „Навыки в комплексе“.
4. זארעצקי — אָרטאָגראפיע „אף די וועגן“ 1927, № 2—4
5. „Родной яз. в школе“, № 11—12—1927 (פאזדניאקאָווס ארטיקל)
6. „ „ „ № 1—1927 (וועדענסקיס ארטיקל)
7. „ „ „ № 5—1927 (די אַרטיקלען פון פעטערסאָן און וו. ג.)
8. Костин — Способы обуч. орфогр.
9. Бархин — Развитие речи.
10. Развитие речи — сборник.
11. Программа Гус и детское творчество — сборник (דא ווערן געבראכט פיל באריכטן פון פראקטישע טוער)


# V. קולטור פון לייענען

## א. ארבעט איבער קינסטלערישן מאטעריאל

1. צילן. די צילן פון לייענען קינסטלערישע ווערק אין אינגערן קאָנצענטער זיינען אזוינע: א) געבן די קינדער סינטעטיש-בילדערישע פאָרשטעלונגען פון לעבן און נאטור אין פארבינדונג מיט דער קאָמפּלעקס-שטודירונג. ב) בארייכערן און אָרגאַניזירן זייערע עמאָציעס אין דער ריכטונג פון די צילן פון דער סאָוועטישער ארבעט-שול. ג) אנטוויקלען בא די קינדער קינסטלערישע געוואוינהייטן אין זין פון פארשטיין און פילן דאָס קינסטלערישע וואָרט און אין זין פון אנטוויקלען זייערע אייגענע שעפערישע קויכעס. ד) בארייכערן זייער שפּראַך.

2. אויסוואַל פון מאַטעריאַל. נעמענדיק אין אכט אָט די צילן, דארף זיך דער לערער, באם אויסוואל פון מאטעריאל, רעכענען: א) מיט דעם קינסטלערישן ווערט זיינעם. נאָר דאָס עכט-קינסטלערישע דארף האָבן אן אָרט אַף די שאָען פון קונסטוואָרט. ב) מיט דער צוגעגרייטקייט פון די קינדער. דאָס ווערק דארף זיין צוטריטלעך פאַר די קינדער ניט נאָר לויט דער שפּראַך, נאָר לויטן גאנצן סכום אידייען און געשטאלטן זיינע. דאָס סינטעטיש-אָרגאַנישע באנעמען פון א קונסטווערק איז פרוכטבארער פון קאָלערליי פארטייטשן און אויסטייטשן. ג) מיט דעם אידעאָלאָגישן מעהוס פונם ווערק. ווערק, וואָס וועקן שעדלעכע עמאָציעס, אנטיפּראָלעטארישע אידייען און פארשטעלונגען טויגן ניט פאר דער ערשטער שטופע[1]. ד) מיט דער גאנצקייט זיינעה. א פראַגמענט פון א ווערק איז געגליכן צו א טייל פון א קינסטלעריש בילד. אויב

[1] אינעם עלטערן קאָנצענטער איז מעגלעך צו צעשטערן די דירעקטע ווירקונג דורך אנאליז.

אויסצונוצן א פראגמענט — איז לעכאָלאפּאָכעס
דער לערער איז געצוואונגען
א מער-ווייניקער גאנצן.

כוצדעם איז נייטיק, באזונדערס אין די אינגערע גרופן, אז דער מאטע-ריאל זאָל זיין צוגעפּאסט ניט נאָר צו דער קאָמפּלעקס-טעמע, נאָר אויך צו דער צייט פון יאָר.

3. צוגרייטונג. קעדיי די קינדער זאָלן וואָס אָרגאנישער אויפנעמען דאָס ווערק, איז נייטיק א געוויסע צוגרייט-ארבעט. אָפט איז נייטיק א צו-גרייט-שמועס, וואָס זיין אופגאבע איז אריינפירן די קינדער אין שטימונגען-און פאָרשטעלונגען-קרייז פונם ווערק, וואָס מע וועט לייענען. אנדערש, וועט דאָס ווערק קריגן א שוואכן אָפּקלאנג. אן אנדערש מאָל איז נייטיק קלאָר-מאכן א היסטאָרישע אָדער געאָגראפישע אומגעבונג (צ. ב. ש.: באַ „סימפּלאָ-גאָרקיס). צוועקמעסיק איז א ליטעראַרישע עקסקורסיע (אין דער נאטור, צו דענק-מעלער פון שרייבער [1], אין מוזייען — מענדעלע-מוזיי, לעמאָשל, זאוואָדן אין פאב-ריקן). דאָס גיט די נויטיקע שטימונג-אנלאדונג. אויב דאָס ווערק איז ענג פארבונדן מיטן קאָמפּלעקס, ווערט שוין א גרויסע צוגרייט-ארבעט בעמייליק אָפּגעטאָן, נאָר ניט אלעמאָל איז די מעמיילעדיקע צוגרייט-ארבעט גענוג. מע לייענט, לעמאָשל „א הייזל בא דער ווייסל": עס איז פארבונדן מיטן קאָמפּ-לעקס, אָבער דאָך איז נויטיק א קליינער פאָרשמועס, וואָס זאָל צוגרייטן די קינדער צו דער שטימונג, וואָס הערשט אינעם ווערק. דאָ קאָנען זיין אזעלכע פראַגן: ווער פון אייך, קינדער, וואוינט באם ברעג טייך? ווי זעט אויס דער ברעג באנאכט, פארנאכט? זייט איר ווען געגאנגען איינער אליין איבערן טייך באנאַכט? א. א. אַט וועלן מיר לייענען, ווי אזוי דער שרייבער אַש באשרייבט א הייזל באם ברעג פון דעם טייך ווייסל. ווייסל איז א גרויסער טייך אין פוילן א. א. וו.

אלנפאַלס, איז ניט דערלאָזבאר, ווי פיל לערער טוען, אויסצושרייבן אָפן ברעט באזונדערע שווערע ווערטער און פארטייטשן זיי פארן לייענען דאָס וואָרט באקומט זיין ווירקלעכן באטייט אין דער נאטירלעכער לעקסישער סוויווע פון ווערק. ס'איז ניט דערלאָזבאר אויך פארבייטן שווערע ווערטער מיט גרינגע: דאָס הייסט גיין אפן וועג פון פאראָרעמען די שפּראך פון די קינדער. אויב די קינדער וועלן ביכלאל זיין צוגעגרייט צום ווערק, וועלן זיי זיך אף די נייע ווערטער בעמיילע „אָנשטויסן" (אמאָל קען מען באם לייענען פארטייטשן מיט א פּאַסיקן סינאָנים).

4. דאָס פאָרלייענען. די זיכערסטע גאראנטיע פאר דעם, אז די קינדער וועלן סינטעטיש באנעמען דאָס ווערק איז דאָס געפילפולע, אויסדריק-לעכע לייענען. קיין בעסערע אויסטייטשונג דארף מען ניט. דעם ערשטן מאָל

[1] דערווייל האָבן מיר זיי נאָך ניט, אָבער איך וויל טאקע מיט דעם דערמאָנען, אז ס'איז צייט שוין מיר זאָל האָבן ערגעץ-וואו דענקמעלער פון מענדעלע, פּערעץ, שאָלעם-אליינעם, באוו-שאָווער א. א.

פארלייענען דער לערער, און ער מוז זיך גוט צוגרייטן צו דעם. די ...קלאלים פון אויסדריקפולן לייענען זיינען: א) נאטירלעכקייט. קיין שום ...קטיארישע זשעסטיקוליאציע. ב) פויזע. גיט דעם הערער די מעג-...קייט צו אריענטירן זיך. שטרייכט אונטער נייטיקע ערטער. די פויזע איז ...פון דער פונקטואציע. ג) לאגישע און עמאציאנעלע באטאנונג. ...ט פסיקע אינטאנאציע (הייבונגען און נידערונגען פון קאל ד) פאסיקער ...(עמאציאנאלע באפארבונג פון דער שטים אין העסקעם מיטן אינהאלט. ...) אינדיווידואליזאציע פון דיאלאג.

אבער פריער פון אלץ דארף מען זיך גוט דורכדרינגען מיטן ווערק, עס ...ט אליין איבערלעבן. „ווערטער, וואס גייען ארויס פון הארצן, דרינגען אריין אין הארצן".

ניט אפשטעלן זיך אינמיטן געבן דערקלערונגען. באם פארלייענען דארפן די קינדער ניט קוקן אין די ביכלעך — עס צעשטערט זייער אופמערקזאמקייט. אגעה, איז הערן אויך א טוירע, און מע דארף איינגעוויינען צו דעם די קינדער.

5. נאכן ערשטן פארלייענען. אויב די קינדער פארלאנגען א צווייטן מאל — טאן עס. בעסער — דערהויפט, אויב די זאך איז א שטימונגפולע — ארגאניזירן שטילן אדער שטומען לייענען (זע ווייטער). א שלעכטער מעטאד איז (גאנץ פארשפרייט) — פרעגן בא די קינדער, וואסערע ווערטער זיינען זיי אומפארשטענדלעך געווען. ערשטנס, געדענקען ניט די קינדער. צווייטנס, פירט עס אינגאנצן אראפ פון דער שטימונג. אין אנדערע פאלן קען מען גלייך נאכן ערשטן פארלייענען ארגאניזירן „לייענען מיט דערקלערונגען" (זע ווייטער).

6. די פראגע וועגן „פראגן". דארף געלייזט ווערן ניט אף איין אויפן פאר אלע קלאסן און ווערק. אין די עלטערע גרופעס דארף מען פא-נאנדערקלייבן מער, ווי אין די איינגערע. שטימונגפולע, לירישע ווערק — דארף מען ווייניקער פאנאנדערקלייבן, ווי ווערק, וואס גיבן לעבן-דערקענטעניש. ניט פא-בעדערעך-קלאל — ניט צעברעקלען דאס ווערק אף אן א שיר פראגן. ניט פא-נאנדערקלייבן ביז כאלאשעס [1].

אנהייבן דעם אנאליז דארף מען פון דער גרונט-פראגע, וואס דאס ווערק רוקט ארויס. א גענויער קאטעכיזיס — הארגעט אוועק די געשאפענע שטימונג. א גענויער „לייטמיקס" איז דאס, לעמאשל, די פאר פערעצעס דערציילונג „אף א בערגל א" ? צי וואלט פראגע: פארוואס זיינען די קינדער ניט געגאנגען מיטן פרעמדן? צי וואלט איר געגאנגען מיט אים? פון די „קנופ-פראגן" איז שוין לייכט אריבער צו אנ-דערע. מע דארף איינגעוואוינען די קינדער אליין שטעלן פראגן. פאסיק זיינען אויך די פראגן: וואס געפעלט אייך אינם ווערק? מיט וואס? וואסערע ערטער זיינען באזונדערס שיין? פריילעך? טרויעריק? קאטיש? וועלכע טיילן קען מען אנמאכן, אויסקלעטן פון ליים, דראמאטיזירן? אין די עלטערע גרופן, בא-

1 אין אנדערע פאלן, ווען דאס ווערק שאפט א באזונדערע שטימונג, קען מען זיך באגיין גאר אן פראגן.

זונדערס אין 4-טן קלאַס, דאַרף מען שוין אין אַנאַליז קלאָר מאַכן דעם סאָ-
ציאַלן אינהאַלט פון א ווערק, באַציאונג פון אַוטאָר צו זיין העלד א. א.,
צ. ב. ש. צו דער דערציילונג „א דאָר גייט אוועק און א דאָר קומט" קען
מען שטעלן אזוינע פראַגן: פאַרוואָס הייסט די דערציילונג מיט אזא נאָמען?
וואָסער צייט ווערט דאָ באַשריבן? ווער איז זעליק? ווי באַציט זיך צו אים
דער אַוטאָר? א. א. די ענטפערן דאַרפן זיין מאָטיווירטע, באַשטעטיקטע מיט
ציטאַטן אָדער מיט פאַקטן פון דער דערציילונג. קאָמפּליצירטערע ווערק קען
מען פאַנאַנדערקלייבן נאָכדעם, ווי די קינדער גרייטן זיך צו, לויט פאָרגעגעבענע
פראַגן, אינדערהיים אָדער אין קלאַס.

מער אויספירלעכע טעקסטועלע און שפּראַכלעכע פראַגן איז בעסער צו
שטעלן אף די שאָען פון „לייענען מיט דערקלערונגען".

7. פאָרם-פראַגן. אָנהויבנדיק פון 2-טן קלאַס, קען מען שוין אריינ-
פירן אייניקע פראַגן פון פאָרם. אין צווייטן קלאַס דריקט זיך עס אויס אין
צעטיילן די דערציילונג אף טיילן-בילדער און געבן יעדער בילד-טייל א נאָמען
(פאַר אָן אָנהויב נעמען א ווערק, וואָס זיינע טיילן זיינען בולטע), אין אויפ-
זוכן אין דער דערציילונג „שיינע" אויסדריקן. אין דריטן קלאַס קען מען געבן
די קינדער א לייכטן באַגריף וועגן ריטם און ריפמע (אָן טערמינאָלאָגיע: צו
דעם דאַרף מען צוקלייבן לידער מיט שטאַנדהאַפטיקן ריטם און בולטער
ריפמע), אַוטאָר-רייד און דיאַלאָג מיט זיין אויסערלעכן דרוק-צייכן, פאַרטי-
פערן די געוואוינהייט צו מאַכן א פּלאַן (דערביי געוואוינען זיך די קינדער צו-
צוטראַכטן לעבעדיקע קעפּלעך-נעמען). פאַרפעסטיקן די פאָרשטעלונג וועגן
בילדערישקייט (גענויער אין קאַפּיטל וועגן אכטגעבונג אף דער שפּראַך). אין
4-טן קלאַס קען מען שוין געבן א באַגריף וועגן בילדערישקייט (אונטער-
שייד צווישן פּראָזאַישער שפּראַך און פּאָעטישער), פאַרפעסטיקן די יעדיעס
וועגן ריטם און ריפמע, אופמערקזאַם מאַכן אף די עלעמענטן פון באַשרייבונג
און כאַראַקטעריסטיק אין א קינסטלעריש ווערק, אף דער מאָנאָלאָג-פאָרם,
אף האַנדלונג-עלעמענטן און דראַמאַטישער פאָרם, אף דעם בוי פון א
דערציילונג[1]. פון דער דערמאָנטער דערציילונג „א דאָר גייט אוועק
און א דאָר קומט" האָבן קינדער צונויפגעשטעלט אזא פּלאַן: 1) ווי נאָטע
מיט כאַימקען אַרבעטן שפּעט אין דערנאַכט בא זייער באַלעבאָס. 2) עלקע די
באַלעבאָסטע קאָכט אַ גוטע וועטשערע און נאָטע מיט כאַימלען זיינען הונגע-
ריק פאַרשמאַכט. 3) א שרעקלעכער לעבן פון הונגער און נויט. 4) מיט נאָטען
טרעפט זיך אַן אומגליק בא דער אַרבעט. 5) זעליק ווערט א גוטער און גיט
געלט אף טאַכריכים. דערביי באַהאַנדלט אזוינע פראַגן: פאַרוואָס הויבט אָן
דער שרייבער פון באַשרייבן נאָטען און כאַימלען בא דער שפּעטיקער באַנאַכט-
אַרבעט? צוליב וואָס דערציילט אונז דער אַוטאָר, ווי עלקע קאָכט וועטשע-

1 די אַלע פאָרם-פראַגן ווערן באַהאַנדלט אין פאַרבינדונג מיטן אָרדנטלעכן קינסטלער ש
מאַטעריאַל, בא א פּאַסיקער געלעגנהייט.

רע? פאַרוואָס קומט גלייך נאָך דער באַשרייבונג פון עלקעס וועטשערע די באַשרייבונג פון נאָטעס הויז? צום סאָף איז מען געקומען צום אויספיר, אז יעדער טייל איז דא אף אן אָרט, פילט אויס א באַשטימטע אופגאַבע.[1]

8. שעפערישע דורכאַרבעטונג פון אַ קינסטלערישן ווערק.

א) דראַמאַטיזאַציע. די דראַמאַטיזאַציע פון אַ קינסטלערישן ווערק העלפט מיט צו פאַרשטיין דעם כאַראַקטער, איבערלעבונגען פון דעם אָדער יענעם פערסאָנאַזש, די אומגעבונג פון דער געשעעניש. דער לערער אַליין דאַרף זיך גוט צוגרייטן צו דעם, אָנמערקן אַ פּלאַן, פראַגן. ניט יעדער קינסטלעריש ווערק איז פּאַסיק פאַר דראַמאַטיזאַציע: עס דאַרף זיין רייך מיט האַנדלונג, מיט לעבעדיקן דיאַלאָג. קינדער האָבן זייער ליב צו אינסצענירן „אף אַ בערגל אַ לייניקס“ פּערעצעס. דער גאַנג פון דער אַרבעט באַם דראַמאַטיזירן אָט די דערציילונג איז בעערעך אַזאַ: נאָכדעם, ווי מע רעדט אפּ צו אינסצענירן זי, פרעגט דער לערער: ווי שטעלט איר זיך, קינדער, פאָר די סצענע? כעוורע הויבן אָן צו מאַכן פאָרשלאגן. עס ווערט קלאָר די גאַנצע אומגעבונג פון דער דערציילונג מיט אַלע אייַנצלהייטן. מע פאַרשרייבט. דערנאָך באַטראַכט מען וואָסערע פערסאָנאַזשן עס וועלן אַרויסטרעטן. ווי וועט אויסזען דאָס אינגעלע? דאָס מיידעלע? וואָסערע כאַראַקטערן זיינען באַ זיי? (די כאַראַקטעריסטיק ווערט געמאַכט זייער לעבעדיק, ווייל זי האָט אַ באַשטימטע באַצוועקונג, ניט ווי דאָס געוואוינלעכע נודנע כאַראַקטעריזירן אין אַ שמועס). ווי וועט אויסזען דער פרעמדער? ווי וועט ער זיך האַלטן? אַ וואָסער כאַראַקטער איז באַ איב? מיט וואָס פאַר אַ טאָן וועט ער ריידן? איצט מאַכט מען קלאָר וויפל סצענעס וועלן זיין, מע שרייבט אַרויס פון דער דערציילונג, וואָס די פערסאָנאַזשן דאַרפן ריידן. בלייבט באַשטימען, ווער פון די קינדער זאָל שפּילן אַ וואָסער פערסאָנאַזש. דאָס דאַרפן אויך די קינדער באַהאַנדלען קאָלעקטיוו — ס'איז זייער באַלעבעוודיק. פונאָנהייב אָן דאַרף מען אויסלערנען די קינדער צו פאַרשטיין, אַז ס'איז ניט קיין איניען פון קאָוועד, נאָר פון צוגעפּאַסטקייט, און אַלע קינדער דאַרפן זיך באַטייליקן אין באַשטימען די סאַמע צוגעפּאַסטע. אַז די גאַנצע צוגרייט-אַרבעט איז געענדיקט הויבן זיך אָן די רעפּעטיציעס, וואָס קומען אויך פאָר אין דער אָנוועזנהייט פון גאַנצן קלאַס.

אַז די קינדער האָבן שוין געוויסע געוואוינהייטן, קען מען איבערגעבן דאָס דראַמאַטיזירן אַ גרופּע, וואָס שטעלט צו אַ פּראָיעקט.

מע דאַרף זיך אָפּהיטן ניט אַריינשטעלן אין טעקסט קיין אייגנס, ווען ס'איז ניטאָ קיין אויסעראָרדנטלעכע נויטווענדיקייט אין דעם.

ניט אַלעמאָל קען מען דאָס דראַמאַטיזירן מאַכן אף אַזאַ ברייטן אויפן (אינסצענירן). אָפט טראָגט עס דעם כאַראַקטער פון לייענען אין פּערזאָנען. אָפט דאַרף

[1] מוסטערן פון פראַגן צו קינסטלערישע ווערק זע אין לייענבוך פאַרן צווייטן קלאַס „אַרבעט און שאַף“ צ'נויפגעשטעלט פון יודאָווין, מאָגילניצקי, סאָלאָווײ, ראָזנצווייג. ווייסרוסלענדישער מעלוכע-פאַרלאַג 1923.

מען די דראַמאַטיזירטע זאַך נאר פאָרלייענען פאַרן קלאַס: אויך דאָס ברענגט גרוי-
סע נוצן אין זין פון באַקענען זיך און פאַרייגענען אַ נייע ליטעראַרישע פאָרם.

ב) אילוסטרירונג (מאָלן, קלעפּן). דאָס מאָלן און קלעפּן (ליימען) האָט
נאָר דעמאָלט אַ באַדייטונג פאַר דער דורכאַרבעטונג, ווען דורך זיי דריקט אויס
דער טאַלמיד זיין פאַרשטיין דאָס ווערק. באַזונדערס איז דאָס וויכטיק פאר די
עלטערע גרופּן, וואו מע דאַרף צוציען צו דער אַרבעט דעם לערער פון מאָלן.

ג) קאָלעקטיווע דעקלאַמאַציע. ניט אַרבעטן איבער פאַרטיקע
זאכן. דער צוגרייט-פּראָצעס איז וויכטיקער, ווי די אַרויסטרעטונג.

ד) מינדלעכע און שריפטלעכע שאַפונגען. טיפּן אַרבעטן:
וואריאירט איבערדערציילן (די שפּעטערישסטע פאָרם — אין נאָמען פון אַ פּערסאָ-
נאַזש. דער לערער דאַרף נאָר אכטונג געבן, אַז די איבערדערציילונג זאָל ניט זיין
קיין מעכאַנישע. מיט הילף-פראַגן דאַרף מען דאָס קינד שטויסן אַפן שאַפונג-וועג.
דערביי איז וויכטיק אַזאַ פּערסאָנאַזש, וואָס זאָל צווינגען צו איבערקאָנסטרו-
אירן, עפּעס צוגעבן, צ. ב. ש.: אין די „באָרוועסע שפּענער" — אין נאָמען פון
די שפּענער, די שפּענער קענען ניט אָנהויבן די מאַיסע, ווי אין ביכל — זיי
זיינען דאָך אין וואַלד. אויב דער איבערדערציילער הויבט אָן ווי אין ביכל,
דאַרף מען אים אויפמערקזאַם מאַכן). צוטראַכטן אַן אָנהויב, אַ סאָף, אַוועק-
שטעלן דעם העלד אין נייע באַדינגונגען א. א. (זע אויבן).

דאָס קינסטלערישע ווערק קען ביכלאַל סטימולירן צו שאַפונג-אַרבעט.
נאָך שאָלעם-אַלייכעמס דערציילונג „דער פאראָם" ווען קינדער גערן אָנ-
שרייבן אף דער טעמע „ווי בין איך דעם ערשטן מאָל געפאָרן אַפן פאראָם",
נאָך דער דערציילונג „א מאיסע מיט א לאָקאָמאָטיוו, וואָס איז אנטלאָפן" — א
פאנטאזיע „אין לאָקאָמאָטיוו איבער דער וועלט" א. א. וו.

9. צווייטער לייענען. נאָכן דורכאַרבעטן איז געוואונטשן פאָרצולייענען
א צווייטן מאָל, קעדיי ווידעראמאָל סינטעזירן דאָס אנאליזירטע. דעם צווייטן
מאָל לייענען פאָר, צוגעגרייט, די קינדער אליין.

10. אָרגאַניזאַציע פון ליטעראַרישן מאַטעריאַל. דער מאַטעריאל ווערט
אָרגאַניזירט אַרום די קאָמפּלעקסן און זייערע אונטערטעמעס. אָבער דאָס
הייסט ניט, אַז ווען צו דער אָדער יענער אונטערטעמע איז ניטאָ קיין קינ-
סטלערישער מאַטעריאַל, דאַרף זיך דער לערער אינגאנצן אָפּזאָגן אף א גע-
וויסער צייט פון קינסטלערישן וואָרט — דאָס וואָלט געווען צו אומזין. מע קען
אָפּטמאָל אָרגאַניזירן די ווערק ארום קלענערע טעמעס: קינדער, קינדער און
דערוואַקסענע, כאוורשע באַציאונגען, שטאָטישע און דאָרפישע קינדער, אין
שול און אינדערהיים, לערנאינגלעך אמאָל און איצטער א. א.

אין די עלטערע גרופּעס קען מען אמאָל פאַרייניקן עטלעכע ווערק פון
איין שרייבער און געבן אַ פאָרשטעלונג וועגן אים, דערציילן זיין ביאָגראַפיע.
באזונדערס איז דאָס וויכטיק בא א יובילײ-געלעגנהייט. ביכלאַל האָבן קינדער
ליב, ווען מע דערציילט זיי וועגן שרייבער. אין פערטן קלאַס, בא דער גע-

העריקער אַנטוויקלונג זיינער, קען מען אויך פּרואוון לייכטע ליטעראַרישע פּאָרטראַגן פֿון די קינדער אַפֿן סמאַך פֿון די געלייענטע ווערק אַף איין טעמע. דאָס דאַרף מען גוט צוגרייטן, אויסאַרבעטן מיט די פּאָרטרעגער א פּלאַן, טע-זיסן, דערביי זאָלן די קינדער ארויסווייזן דעם מאַקסימום זעלבשטענדיקייט. א העכסט-אינטערעסאַנטע ארבעט איז אויסלערנען די קינדער טרעפן לויטן סטיל דעם אווטאָר. דאָס איז אַן אָנגענומענע און נוצלעכע איבונג-שפּיל.

11. ביישפּיל-טעמע „איד. ערד-איינאָרדענונג (4-טער קלאַס). ליטע-ראַרישע מאַטעריאַלן צו דער טעמע: קאַטיק — „אין אַמאָליקן שטעטל", שאָלעם-אַלייכעם—„צוויי וועלטן", „מיין ברודער עליעס פּאַרנאָסעס", „אידישע גליקן", „טעוויע דער מילכיקער", מענדעלע מוכער-ספאָרים — „אידישע קאָלאָניעס אין שטעטל ק.", בלאָנדער — „אַף ערד", כאַריק — „ברויט", מאַרגאַלין — „ערד", כאַריק—„דאָס ליד פֿון די אישואווניקעס", דאָברושין—„אַף אָדעסער פעלדער", (לויט די כרעסטאָמאַטיעס „ארום אונז" II, „ארבעט-קינדער" 4-טער טייל, „לי-טעראַרישע כרעסטאָמאַטיע" 1-טער טייל, „ארבעט און קאַמף", 2 העפט). די טעמע איז אויסגערעכנט אַף 2—3 וואָכן. א טייל מאַטעריאַל וועלן די קינדער לייענען אינהעריים. באַ דער באַארבעטונג פֿון דער טעמע קענען באַרירט ווערן אַזוינע פראַגן: א) סאָציאַלע: אַמאָליקע שטעטל, אידן, פּאַרעך און פוי-ער. לופטפּאַרנאָסעס. באַציאונג פֿון דער צאַרישער מאַכט. ערדאיינאָרדענונג אַמאָל און איצט. די ראַטן-מאַכט און די אידישע באַפעלקערונג. ב) פּאָרמעלע פראַגן: זיכרוינעס-ווערק און קינסטלערישע ווערק (פּרימיטיווער באַגריף). מאָ-באָלאָג, טיפּן (פּרימיטיוו), פֿאָלקסשפּראַך, ווי מענדעלע שרייבט און ווי שאָלעם-אַלייכעם, אַלטע און נייע שפּראַך, ריטם און בילדערישקייט. שפּעדישע אַר-בעטן קענען געגעבן ווערן אַזוינע: זיכרוינעס, מענאַכעם-מענדל ווערט אַ פּויער, מאַטל ווערט א פּיאָנער, א אינגל, וואָס טראַגט אום פּאַרקויפן, מענאַכעם-מענדל און טעוויע טרעפן זיך אין וואַגאָן.

## ב. אַרבעט איבער וויסנשאַפטלעכן מאַטעריאַל

אין די אינגערע קלאַסן קומט אויס, נאַטירלעך, האָבן מער צו טאָן מיט קינסטלערישן מאַטעריאַל (די כרעסטאָמאַטיעס פֿון די אינגערע גרופּעס דאַרפֿן טאַקע זיין בלויז קינסטלערישע — דעם וויסנשאַפטלעכן מאַטעריאַל לייענט מען סיי ווי ניט) אָנהויבנדיק פֿון דריטן קלאַס דאַרף מען שוין איינגעוואוינען די קינדער צו א פּראָזאַישן טעקסט. דאָס פּאַנאַנדערקלייבן א פּאָפּולער-וויסנשאַפט-לעכן ארטיקל אין א כרעסטאָמאַטיע וועט אויסלערנען דעם טאַלמיד צו אָריענ-טירן זיך אין א וויסנשאַפטלעך ביכל, וואָס ס'איז זייער נויטיק פאַר דער זעלבשטענדיקער ארבעט. אין פערטן קלאַס איז שוין מעגלעך און נוי-טיק מאַכן א פּלאַן פֿון א לייכטן וויסנשאַפטלעכן ארטיקל, באַווייזן די קינ-דער די אנטוויקלונג פֿון געדאַנקען-גאַנג לויט דער טעמע. דאָס קען מען אויך פאַרבינדן מיט דער וואַנט-צייטונג. א ווייטערדיקער שטאַפּל פֿון דערדאָזיקער

אַרבעט חעט זיין אויסלערנען די קינדער קאָנספּעקטירן און טעזירן אַ קורצן אַרטיקל. די אַלע אַרבעטן ווערן איינאָנהייבן געמאַכט קאָלעקטיוו.

## ג. לייען-געוואוינהייטן

1. דער צושטאַנד פון די לייען-געוואוינהייטן. דער צושטאַנד פון די לייען-געוואוינהייטן איז אין אונזערע שולן ניט קיין גלענצנדיקער. אַפילע אין די עלטערע קלאַסן פון 2-טן קאָנצענטר לייענט מען גאַנץ אָפט זייער שוואַך. דערהויפּט באַמערקט זיך די דערשיינונג צווישן די שילערנס). די סיבע פון דעם איז אַ צווייערלייאיקע: ערשטנס, לייענט מען באַ אונז זייער ווייניק. אויסער דער שול לייענען די קינדער ווייניק אידיש (ס'איז הייניק דאָ וואָס צו לייענען, די אַלטע ליטעראַטור איז ניט צוטריטלעך מאַכמעס דער אָרטאָגראַפּיע און נאָך מער מאַכמעס שפּראַך און אינהאַלט). אין שול גופע, דערהויפּט אין די עלטערע קלאַסן פון 2-טן קאָנצענטר, קוקט מען אָפּט דעם לערער בלויז פאָרלייענען (קינדער האָבן קיין ביכער ניט. אונז זיינען באַקאַנט פאַקטן, ווען אַ לערער האָט פאָרגעלייענט אין משך פון 5—6 וואָכן „פּישקע דעם קרומען"). אין גאַס, אין קינאָ טרעפט זיך אַ אידיש וואָרט זעלטן. ווייטער לייגט מען אין אונזערע שולן ווייניק אַכט אַפן לייענען: מען כקידעט זיך אָפט אָן אַ שיר וועגן געלייענטן און וועגן לייענען גופע פאַרגעסט מען אינגאַנצן. דאָס שיין און אויסדריקלעך לייענען איז קימאַט ווי ניט קולטיווירט. „וואָס איז די נאַפּקעמינע ווי ער האָט איבערגעלייענט, אַבי ער האָט פאַרשטאַנען די קאַוואָנע, דעם מיין"—זאָגט מען אָפט באַ אונז. דאָס איז אַ שלעכטע ירושע פון כיידער און יעשיווע, וואָס דאַרף אנראַכמאָנעסדיק באַקעמפט ווערן. דאָס איז אַ טייל פון קאַבצאַנסקער ביטלדיקן קוק אַף אַ-סטעטלעכער שיינקייט, וואָס האָט שוין לאַנג געמעגט פאַרשווינדן.

2. מעטאָדן פון אַנטוויקלען די לייען-געוואוינהייטן.

די אויפגאַבע אַפן געביט פון לייענען איז אויסלערנען די קינדער פליסיק, באַוואוסטזיניק און אויסדריקלעך איבערלייענען אַ מער-ווייניק קאָמפּליצירטן טעקסט, ווי אַ קינסטלערישן, אַזוי אַ זאַכלעך-וויסנשאַפטלעכן. דערצו זיינען אין לערעס רעשוס פאַראַן אַזוינע מעטאָדן:

א) לייענען מיט דערקלערונגען (קאָלעקטיווער לייענען אַפן קאָל). דער-דאזיקער מעטאָד איז אין אונזער שול אין דער לאַגע פון אַ גערוידעפטן. די סיבע פון דעם איז, וואָס אין דער אַלטער שול האָט ער אָפט אָנגענומען העסלעכע פאָרמען, וואָס האָבן געבראַכט דערצו, אַז "об'яснительное чтение" איז געוואָרן אַ פּעדאַגאָגישער זידלוואָרט. די כאָכמע פון דער אַלטער "об'ясни-тельное чтение" איז באַשטאַנען אין „אַלזייטיקע אַנאַליזן פון ווערטער באַם לייענען (נאַטורוויסנשאַפטלעכע, גראַמאַטישע א. א. וו.), וואָס האָבן אינגאַנצן אָפּגעריסן דעם לייענער פון דירעקטן אינהאַלט. דאָס איז, פאַרשטייט זיך, געווען שלעכט, אָבער דאָס הייסט נאָך ניט, אַז דער מעטאָד איז אין אַלגעמיין

...סלעכטער. ספעציעלע שאָען פון לייענען מיט דערקלערונגען זיינען נויטיק.
...לס מאַטעריאַל פאַר דידאַקטיקע שאָען — דאַרף מען נעמען זאַכן, וואָס זיינען
...ין די קינדער באַקאַנט, וואָס זיינען שוין אין אַלגעמיין אַרומגערעדט גע-
...וואָרן, אָדער שפּעטער דורכגעאַרבעט. (מע דאַרף ניט צונויפמישן דאָס דורכאַר-
...בעטן אַ קינסטלעריש-ווערק מיט לערנען לייענען). דאָס לייענען קומט פאָר
...אַזוי: דער לערער טיילט איין די זאַך אַף מער-ווייניק גאַנצע פראַגמענטן, און
...רופט אויס די טאַלמידים צום לייענען (דעם ערשטן מאָל — די בעסערע). בעאייסן
...לייענען שטעלט דער לערער אָריענטירנדיקע און שפּראַכלעכע פראַגן, וואָס
...וועלן העלפן דעם לייענער צו באַזינען דעם טעקסט. דאָ גיט דער לערער אַכט
...אַפן ריכטיקן לייענען און אַף דער אינטאָנאַציע. טייטשווערטער דאַרף מען
ניט פרעגן פון באַזונדערע אָפּגעריסענע ווערטער, נאָר פון גאַנצע זאַצן, אונ-
טערשטרייכנדיק דאָס נויטיקע וואָרט, אויך ניט פאָדערן פון טאַלמיד קיין
פּינקטלעכע פאָרמולירונג פון באַזונדערע ווערטער (באַזונדערס אין די אינגערע
גרופן). בעסער פאָרלייגן צוטראַכטן אַ ביישפּיל מיט דעם געגעבענעם וואָרט.
דאָס וועט שוין קלאָר באַווייזן, צי ער פאַרשטייט דאָס וואָרט, צי ניט. אַגעוו,
גייט אַף אַזאַ אופן דער שפּראַך-קאַפּיטאַל אַריין אין רייד-אומזאַץ. גוט איז
אויך, דערהויפּט בײַ געדיכטן, פאָרלייגן דעם טאַלמיד איבערדערציילן מיט
אייגענע ווערטער דעם אינהאַלט פון דורכגעלייענטן פראַגמענט. צום סאָף פון
לייענען דערציילן אייניקע שילער די גאַנצע זאַך.

אַ האַרבער איניען איז דאָ מיט די שווערע קינדער (אין פראַט פון ליי-
ענען). דעם קלאַס איז שווער אַזוינע אויסצוהערן, עס ליידט דערפון די דיס-
ציפּלין. בעדערעך-קלאַל קען מען זאָגן, אַז די גאָר שווערע קינדער דאַרף
מען ניט אויסרופן צום לייענען. דאָך, דאַרף מען איינגעוואוינען דעם קלאַס
באַציען זיך מיט געדולד צו די שוואַכע לייענער. מע דאַרף צוביסלעך מיט די
שוואַכע פאַרנעמען זיך באַזונדער און אַדורכפירן זיי אַף אַ דערעך. מע קען
צוציען צו דער הילף-אַרבעט די עטלעכע קינדער פון שול, וואָס קענען גוט
לייענען. מע דאַרף זיי אָבער געבן גענויע אָנווייזונגען, ווי זיך צו באַגיין.

אָט זיינען ביישפּילן פון פראַגן אַף אַ לימעד פון לייענען מיט דערקלע-
רונגען צו „אַלי בען" (4-טער קלאַס): ווי באַצייכנט פעפער דעם גורזוף?
פאַרוואָס רופט ער אים „דער צאַרטער גורזוף"? וואָס הייסט „ס'פלעגט נאָך
דרעמלען דער לעצטער פלאַם"? (אַלץ האַלט באַם איינשלאָפן ווערן) וועלכע
קלאַנגען האָבן זיך עס פאַרשפּרייט, וואָס די טאַטערן האָבן זיך אַזוי געגרייט?
ווי דאַרף מען פאַרשטיין „ס'הוידן זיך וועגן"? ווי זיינען דאָס טעג „גרויזאַמע
און וויסטע"? פאַרוואָס שרייבט פעפער אַז די „שאָטנס זיינען סאַמעטענע און
די קיפּאַריסן דרעמלען"? „דער יאַם איז טונקל, הודיעט זיך און וואַרט" — צי
קען מען פאַרגלייכן דעם אויסזען פון יאַם מיט דער שטימונג פון די מענטשן?
פאַרוואָס פאַרגלייכט פעפער די וואָלקנס מיט זאַטע שאָף? ווען ער וואָלט
באַשרייבן די וואָלקנס אין שטאָט, וואָלט ער זיי אויך פאַרגלייכט מיט זאַטע

שאָף?—צו „דריי קעפלעך" (2-טער קלאַס): וואו פלעגט אַהינטאָן דער טאַטע די שאַכטלעך? ווי קען מען דאָס פאַרשטיין, וואָס די מאַמע איז געווען אַ גוטע און אַ בייזע"? ווי באַציט זיך די מאַמע צו די קינדערשע שפּילן פאַרוואָס? וואָס איז דאָס „אויסגעטריקנטע מאַמע"? ווען באַנוצט מען נאָך אין אַזאַ זין דאָס וואָרט „אויסגעטריקנט"? עפּשער האָט איר געהערט אַן אויסדריק, אַז דאַרט מיר דער מויעך". „ווי אַ לאַנגע בלויע סטענגע"—עפּשער קענט איר צוטראַכטן אַן אַנדער פאַרגלייך? פאַרוואָס רופן די קינדער די קאַץ „פּעטשענעסטע"?.

דער לערער דאַרף פאַר זיך צוגרייטן אויסשעפּיקע ענטפערן אויף אָט די אַלע פראַגן.

ב) פון צייט צו צייט איז נויטיק אַרויסגעבן די קינדער לייענען אינדערהיים (אָדער אין רינגען—אין לעצטן פאַל דאַרף מען זען, סע זאָלן ניט זיין קיין פּאַסיווע הערער) אומבאַקאַנטע זאַכן און איבערגעבן דערנאָך אין קלאַס מיט אייגענע ווערטער—דאָס לערנט אויס די קינדער לייענען זעלבשטענדיק און צווינגט זיי זיך אַריינטראַכטן אין דער געלייענטער זאַך. דער מאַטעריאַל קען זיין אַ דערציילונג אָדער אַ לייכטער אַרטיקל. מע קען פאַרגעבן אייניקע פראַגן, וואָס זאָלן צווינגען צו פאַרטיפן זיך אין מאַטעריאַל.

ג) שטילער לייענען. גוט, נאָכדעם, ווי דער לערער האָט איבערגעלייענט אַ אינטערעסאַנטע, שטימונגפולע זאַך. די קינדער לייענען איבער אַ צווייטן מאָל, יעדערער פאַר זיך, שטיל, פאַרטיפן זיך אין דעם געפיל, וואָס זיי האָבן איבערגעלעבט בּאַם הערן דעם לערערס פאָרלייענען. אָבער דאָ איז נויטיק אויסצופירן, אַז די קינדער זאָלן לייענען טאַקע נאָר שעפּטשנדיק, אַנדערש וועט דאָס ניט דערגרייכן דעם ציל. בעת'ן לייענען דאַרף דער לערער אַרומגיין און צוהערן זיך, ווי ווער עס לייענט, שטערן צו לייענען אויפמערקזאַם.

ד) שטומער לייענען. דערוואַקסענע מענטשן לייענען שטום, מיט די אויגן. אויפן קאָל לייענט מען נאָר, ווען מע טרעט אַרויס פאַר אַן עולם. די שול דאַרף, בעיקר, אויסלערנען די קינדער לייענען מיט די אויגן. אָבער פאָרסירן דאָס שטומע לייענען דאַרף מען ניט. ביז אַ געוויסן עלטער דאַרף קליינוואַרג לייענען מיטן מויל. בערך אין דריטן קלאַס קען מען שוין אָנהייבן איבן זיך אין שטומען לייענען.

מע קען פאָרלייגן די קינדער, אַז זיי זאָלן בּאַם שטילן לייענען פאַרשרייבן די שווערע ווערטער און נאָכדעם פרעגן. דאָס געוואוינט איין צו לייענען אויפמערקזאַם.

ה) איבן זיך אין לייענען טעקסטן פון בעהאַדראָגעדיקער שווערקייט און פאַרשיידנאַרטיקן כאַראַקטער פון אינטאָנאַציע. דער לערער קען אָט די טעקסטן אָפּקלייבן אין דער קלאַסן-כרעסטאָמאַטיע. ס'איז געווענט זיך אָנמערקן

10–8 אזעלכע טעקסטן און דורכאַרבעטן מיט די קינדער. דעם מאָסמיטל דאַרף מען אויסנוצן נאָר אין דעם פאַל, ווען דער קלאַס, אָדער אַ געוויסע גרופּע קינדער, זיינען באַזונדערס שוועדע אין פראַט פון לייענען.

3. מעטאָדן פון אויסדריקפולן לייענען.

א) ספּעציעלע שאָען פון אויסדרוקפולן לייענען. פון צייט צו צייט פאַר־גיט דער לערער אַ גרופּע קינדער צוצוגרייטן זיך צו אויסדרוקפולן לייענען. מאַטעריאַל—אַ דערציילונג, א ליד. אַ גוטער צייטונג־אַרטיקל, וואָס מע האָט שוין אין קלאַס פאַנאַנדערגעקליבן. נאָכן פאָרלייענען קומט פאָר א מיינונג־אויסטויש וועגן דעם פאָרלייענען. אויך דער לערער זאָגט אַרויס זיין מיינונג און טיילט דערביי מיט די גרונט־קלאָלים פון אויסדרוקפולן לייענען, מאַכט קלאָר, וואָס עס גיט יעדער פון אָט די קלאָלים.

ס'איז ווינטשנסווערט אז אין מעשען פון לערניאָר זאָלן אַלע קינדער דורכמאַכן דידאַקטישע איבונג.

ב) לייענען אין פּערזאָנען. זייער נוצלעך אי פאַר אויסדריקלעכן לייע־נען, אי פאַר באַזיניקן דאָס געלייענטע. ס'ראָוו אָבער טוט מען עס אין אונזערע שולן ניט צוגעגרייט, באַקומט זיך גאַנץ לאַגווויליק. מע דאַרף אַפּריער באַ־טראַכטן אין קלאַס די פּערזאָנען, וואָס פיגורירן אין דער דערציילונג, וואָס שטעלן זיי מיט זיך פאָר, ווי דאַרפן זיי ריידן א. א. וו. ערשט דעמאָלט טיילט מען אויס לייענער, וואָס דאַרפן זיך צוגרייטן לייענען צום צווייטן מאָל.

ג) כאָר־לייענען. נוצלעך פאַר די אינגערע גרופּעס. מע דאַרף עס אָבער טאָן אָרגאַניזירט, סע זאָל זיך ניט באַקומען קיין „כאָר־שרייען". דער לערער לייענט פריער איבער אליין געגוג שאַרף און אויסדריקלעך אַ פּראָזע און דער־נאָך לייענען די קינדער אין כאָר, אַלע צוזאַמען, אָנגעהויבן און געענדיקט גלייך און ניט געשריען. אין די עלטערע גרופּן גייט עס אַריבער אין

ד) כאָר־דעקלאַמאַציע: דאָס איז שוין אַ קאָמפּליצירטערע פאָרם, צו וועלכער דער לערער דאַרף זיך גוט צוגרייטן.

ה) לערנען אָף אויסנווייניק געדיכטן און פּראָזע. דערדאָזיקער מאָסמיטל קען בעעמעס ברענגען נוצן, ווען די קינדער לערנען זיך אָף אויסנווייניק אָף אַן אָרגאַניש נאַטירלעכן אויפן, ארייַנטראַכטנדיק זיך אין דעם אינהאַלט און פאָרם פון דעם ווערק. דאָס מעכאַנישע לערנען אָף אויסנווייניק ברענגט נאָר שאָדן. די קינדער לערנען זיך אויס לייענען אײַנטאָניק, זאָגן, ווי „אַשריי".

4. סאָציאַלער באַטייט פון אויסדרוקפולן לייענען. די נויטיקייט פון אויסדרוקפולן לייענען וועט פארן קינד קלאָר ווערן נאָר דעמאָלט, ווען ער וועט זען די סאָציאַלע נוצלעכקייט זיינע. דאָס קען דערגרייכט ווערן דורך אזוינע מאָסטיטלען:

א) פאָרלייגן די קינדער אָרגאַניזירן פאַרלייענונגען פון אינטערעסאַנטע ווערק בא זיך אינדערהיים, פאַר די עלטערן, ברידער און שוועסטער. צוגרייטן

די קינדער צו דעם, אויסהערן זיי אפריער, נאָכפרעגן זיך ווי האָבן זיי געלייענט.

ב) ארגאניזירן אפטע אָוונטן אָדער מאָרגנס פון פאָרלייענונגען אין שול. איינלאַדן געסט, עלטערן, קינדער פון אונזערע שולן. אויב עס מאכט אין קלאס—איינלאַדן קינדער פון א צווייטן עלטערן אָדער איינגערן קלאַס. מאַכן אָן פאַראד: אַזוינע אָוונטן דאַרפן שטענדיק זיין אַ נאַטירלעכער רעזולטאַט פון לערנען. אַ באַשטימטע שטימונג-שאַפנדיקע דעקאָראַטיווע אומגעבונג אין ווינטשנסווערט. מ׳קען אַזוינע אָוונטן (אָדער מאָרגנס) פאַרבינדן מיט אַ באַשטימטער געזעלשאַפטלעכע טעמע אָדער מיטן נאָמען פון אַ שרייבער (ניט דאפקע פון אַ פאַרשטאָרבענעם). פראָגראַם: אַ קליינער פאָרטראַג, פאָרלייענונגען (פון ביכל און אף אויסווייניק), דעקלאַמאַציע, כאָר-דעקלאמאציע, אַ לייכטע אינסצעניזירונג, דערציילן די ביאָגראַפיע פון שרייבער. סיי אין ערשטן סאַי אין צווייטן פאַל וועלן די קינדער טאָן אַ וויכטיקע געזעלש.-נוצלעכע אַרבעט. מיר גיבן דאָ אַ ביישפּיל-פּראָגראַם פון א ליטעראַרישן שול-אָוונט געווידמעט דער אידישער ערד-איינאָרדענונג. (ער קומט אַלס רעזולטאַט פון דערלערנען די ערד-איינארדענונג-טעמע אין מעשעך פון 2—3 וואָכן (4-טער קלאַס).

## מוסטער-פּראָגראַם פון אַ ליטעראַרישן שול-אָוונט

1) א קורצער פארטראג פון די קינדער (אָדער לערער) אף דער טעמע „וואָס טוט די ראטן-מאַכט פאר די אידישע פאָלק-מאַסן".

2) מיין ברודער עליעס פארנאָסעס—אינסצענירטע פאָרלייענונג פון די קינדער.

3) לעך-לעכאָ (שאָלעם-אַלייכעם) — לייענט פאָר דער לערער.

4) „אידישע גליקן" (נאָך ארבעט-קינדער, 4 טייל) — פאָרלייענען אין פערזאָנען.

5) פראגמענטן פון איזי כאַריקס „ברויט"—דעקלאמאציע (סאָלאָ און כאָר)

6) צוויי וויגלידער (דאָס אלטע וויגליד „אונטער מוישעלעס וויגעלע" און דאָס וויגליד אין כאַריקס פּאָעמע „ברויט") אינסצענירטע דעקלאמאציע

זעלבסטפארשטענדלעך, אז דאָס איז נאָר א ביישפיל-פּראָגראַם. די קינדער אליין וועלן צוטראכטן נאָך אינטערעסאנטערע נומערן.

5. מע דאַרף דערלערנען דאָס קינדערשע לייענען. אויך אַף דעם לייען-פּראָצעס איז פריער פון אַלץ נויטיק, אַז דער לערער זאָל גוט קענען די קינדער. ער דאַרף שטענדיק פאַרצייכענען באַ זיך די אינדיווידועלע לייען-דעפעקטן פון זיינע טאַלמידים. און דעפעקטן מערקן זיך אָן אַזוינע: א) קינדער שטעלן אַריין אין טעקסט אייגענע ווערטער. דער דעפעקט איז ניט אַזוי שרעקלעך — ער באַווייזט, פאַרקערט, אַז דער לייענער קלייבט זיך פאַנאַנדער אין טעקסט. נאָר דאָך דאַרף מען לייגן אכט אַף דעם און פאַריכטן, איינגעוואוינען דעם

שילער גוט צוקוקן זיך צום טעקסט. ס׳גיבן פּאַקטן, ווען דער קאַמעס פון דעמזעלבן דעפעקט גייט אַריבער אין אייכעס: דאָס קינד לייענט אויסגעצייכנט ראָזיקן אויסוויינייק און — קען ניט לייענען. אַזוינע כעוורע איז גוט צו איבן אַף אַ צוויטן נאָר אומבאַקאַנטן טעקסט. ב) מע לייענט מעכאַניש גוט און מע פאַרשטייט ניט אַ וואָרט. אַזאַ כעוורעמאַן דאַרף מען אָפּט „טרייבערן“ מיט פראַגן, פאַרלייגן איבערדערציילן. ג) שווערער, טראַפּנווייזער לייענען. מיט אַזוינעם דאַרף מען זיך איבן אַף אַ לייכטן טעקסט, פאַרלייגן אים באַטראַכטן אפריער בּאַ זיך דעם וואָרט און נאָכדעם אים איבערלייענען מיטאַמאָל. איבערלייענען אַ צווייטן מאָל דעם נאָרוואָס דורכגעלייענטן פראַגמענט. ד) איינטאָניקער לייענען. אין אַזאַ פאַל קען העלפן אַ טעקסט, וואָס איז אָנגעשריבן לעבעדיק, דיאַלאָגיש. דער לערער דאַרף שטענדיק פאָדערן: לייען ווי דו רעדסט! ווען דאָך ניט זאָגן מיט איין טאָן: מאַמע גיב מיר עסן, נאָר: מאַמע, גיב מיר עסן! ה) מע לייענט צוויי מאָל אַ וואָרט, איינמאָל שלעכט, דעם אַנדערן מאָל גוט. אַקשאָנעסדיק דאַרף מען די רעגילעס באַקעמפן. ו) מע דערלייענט ניט אַ וואָרט ביזן סאָף (בלויז די וואָרצלען — סופיקסן ניט) ז) מע פאַרבייט די אויסיעס א. א.. דער לערער דאַרף דיסקאָנטירן די און נאָך אַנדערע לייען־דעפעקטן, די טיפּישע — באַקעמפן אַף אַ קאָלעקטיוון אויפן, די אינדיווידועלע — פערזענלעך.

מיט אַן „איינגעשפּאַרטן“ דעפעקט דאַרף מען זיך ווענדן צו אַ דאָקטער, ווייל אָפט שטערט דעם לייענען אַ כעסאָרן אין אויג. (גענויער וועגן דערלערנען די לייען־געוואוינהייטן זע — „Пед. курсы на дому“ № 1—2, 1928 ווי אויך בלאָנסקיס „Педолог. в масс. школе“ ז. 44—64).

## ד. דאָס אויסערשול-לייענען

1. דאָס זעלבשטענדיקע לייענען. די שול דאַרף דערפירן דעם טאַלמיד צום זעלבשטענדיקן לייענען. ווען דאָס ווערט ניט דערגרייכט — איז אַרויסגעוואָרפן די גאַנצע אַרבעט. דער לערער מוז, בעכיין, אַ באַזונדער אכט לייגן אַפן אויסערשול-לייענען, ניט פאַרלאָזן זיך אַפן שול-ביבליאָטעקער, אויסאַרבעטן רעקאָמענדיר-רעשימעס פאַר יעדער קלאַס באַזונדער (אין די איגגערע גרופן קלייבט אָפּ דער לערער אַ קאָמפּלעקט ביכלעך און גיט אַליין אַרויס די טאַלמידים), דיסקאָנטירן דאָס לייענען, אויספרעגן באַ די קינדער, אָרגאַניזירן דערציילונגען פון די קינדער וועגן אינטערעסאַנטע ביכער, קאָלעקטיווע רעצענזיעס, אַליין דערציילן דעם אינהאַלט פון אַ ביכעלע, קעדיי צו פאַרינטערעסירן. אַ גוטער מיטל איז דערציילן אַ טייל — פאַרינטערעסירן נאָר, פּרואוון איינפירן אינדיווידועלע דיסקאָנט-העפטן פון אויסערשול-לייענען, וואו דער טאַלמיד זאָל פאַרשרייבן נאָכן איבערלייענען אַ ביכל לויט אַזאַ סכעמע: № לויטן סיידער, אַוטאָר, נאָמען פון בוך, אינהאַלט, רעצענזיע (געפעלן, ניט געפעלן — מיט וואָס). אין אַנדערע שולן ווערט פראַקטיקירט — ספּעציעלע שאָען פאַר אויסערשול-לייענען

אין אַ ספּעציעל צוגעפּאַסטן לייענצימער. דאָ זיינען אויסגעהאַנגען קינסטלערישע פּלאַקאַטן-רעקאָמענדאַציעס, קינדערשע רעצענזיעס פון די געלייענטע ביכער. דאָ לערנען זיך די קינדער די טעכניק פון אויפזוכן אַ ביכל אין אַ ביבליאָטעק.

2. דאָס אויפמערקזאַמע לייענען. ס'זיינען פאַראַן קינדער, וואָס לייענען שוין צופיל און דערביי אויבערפלעכלעך. מע דאַרף אויסלערנען די קינדער לייענען פּאַמעלעך, זיין אויפמערקזאַם צו איינצלהייטן, ניט יאָגן זיך בלויז נאָכן סיפּור-המעשה, פאַרטראַכטן זיך, פאַרוואָס האָט דער פּערסאָנאַזש געהאַנדלט אין געגעבענעם פאַל אַזוי און ניט אַנדערש, פאַרשרייבן בא זיך שווערע ווערטער, ווענדן זיך צום ווערטער-בוך, צו דער געאָגראַפישער קאַרטע, צו אַנדערע האַנטביכער, צום לערער, אַרויסשרייבן אין אַלבאָם-העפט אינטערעסאַנטע געדאַנקען, פראַגמענטן, לידער. איינגעוואוינען די קינדער לייענען אין קרייזלעך, באַהאַנדלען צווישן זיך פראַגן, וואָס קומען אויף. דאָס אַלץ וועט דער לערער דערגרייכן, אויב ער וועט אַליין וויסן גוט די קינדער-ליטעראַטור און אָפּגעבן נאָכפרעגן זיך בא די קינדער, זען זייערע העפטן, שמועסן מיט זיי וועגן געלייענטן.

3. וועגן לייענען-היגיענע. דאָס לייענען אָן אַ שיר קען ווירקן שלעכט אַפן געזונט. דער לערער דאַרף אָפטער שמועסן מיט די קינדער וועגן די קלאַלים פון לייען-היגיענע: א) לייען ניט ביז מידקייט. ב) לייען ניט אין אַ טומל און גערעדעריי. ג) לייען ניט נאָכן עסן. ד) לייען ניט ליגנדיק: דאָס איז שעדלעך פאַר די אויגן. ה) לייען ניט איינגעבויגן איבער אַ בוך. ו) לייען ניט בא אַ שוואַכער באַלייכטונג. ז) די ליכט זאָל פאַלן פון דער לינקער זייט ט) לייען ניט ווען די אויגן זיינען פאַרמאַטערט. י) היט דאָס בוך[1].

4. אָריענטירונג אין בוך און אַרבעט איבער אים. אין די עלטערע גרופּן, דערהויפּט אין דער פערטער, הויבט אָן דער בוך צו שפּילן אַ גאַנץ ברייטע ראָל אין דער לער-אַרבעט. מע מוז בעכיין אויסלערנען כעוורע אָריענטירן זיך לייכט אין אַ בוך, אַן אייצע געבן זיך מיט די וערטלעך, קענען געפינען עפּעס אין אַ ווערטער-בוך, ענציקלאָפּעדיע, קענען ווי געהעריק זאַמלען און פאַרשרייבן דעם געזוכטן מאַטעריאַל, אויסנוצן אים נאָכדעם פאַר אַ רעפעראַט אָדער פאָרטראַג.

5. אונזערע פאָדערונגען צום קינדער-ביכל. דאָס אויסערשול-לייענען האָט אַ גוואַלדיקע השפּעה אַף דער קינדערשער פּסיכיק. מיטן קינדער-ביכל דאַרף מען זיין באַזונדערס פאָרזיכטיק, — אַ שלעכט ביכל קען אַמאָל „אַף זאַפּט איין אין זיך אַלץ, ווי אַ שוואָם. אונזערע דערציאונג-צילן פאָדערן פון קינדער-ביכל ער זאָל, ערשטנס, פון פּעדאַלאָגישן שטאַנדפּונקט זיין צוגעפּאַסט

1 זע אויספירלעכער אין כערסאָנסקאַיאַס בוך „День книги в детской библиот.“

צום געגעבענעם קינדערשן עלטער, צווייטנס, זיין גענוג קינסטלעריש, און דריטנס, זיין אויסגעהאַלטן אידעאָלאָגיש.

די פּראָוו-סטאַנציע באַם אוקראַינער הויפּטסאָצדערציאונג האָט אויסגעאַרבעט אַ גאַנצע ריי אידעאָלאָגישע פאָדערונגען צו אַ סאָוועטישן לייען-ביכל פאַר קינדער: א) ער דאַרף וועקן באַ די קינדער מונטערע פרייד, רוף צו אַרבעט, געפיל פון סאָציאַלער סאָלידאַרישקייט, ליבע צו דער נאַטור און צום לעבן. ער דאַרף געבן צו פאַרשטיין, אין אַ צוגענגלעכער פאָרם, די קלאַסן-ווידערשפּרוכן, און וועקן באַ זיי אַ דורשט דידאָזיקע ווידערשפּרוכן צו פאַרניכטן. אַ ווערק, וואָס פאַרטונקלט די קלאַסן-ווידערשפּרוכן, אַ פאַבול, וואָס איז געבויט אַף אַ מאַסקירנדיקער פשאָרע צווישן סאָציאַלע קאָנטראַסטן — זיינען ניט דערלאָזבאַר און דאַרפן אויסגעמעקט ווערן פון דער קינדער-ליטעראַטור.

וואָס איז נוגייע דער פראַגע וועגן דאָס מאַיסעלע — זיינען פאַראַן קעגנזעצלעכע מיינונגען: נ. ק. קרופסקאיא זאָגט זיך אַרויס קאַטעגאָריש קעגן פאַנטאַסטישקייט: „דאָס ביכל, אַף וויפל עס דאַרף העלפן דעם קינד דערלערנען די וועלט דאַרף זיין רעאַל ביז עקסטרעמלעכקייט“[1]. שאַרף קעגן פאַנטאַסטישקייט טרעט אַרויס אין דעמזעלביקן נומער די כ׳ זאַרניצינע: „פאַר אים איז דער בילד פון דער באַבאַ-יאַגאַ אַזוי רעאַל ווי דער בילד פון פערד, און דער בילד פון פערד איז אַזוי פאַנטאַסטיש, ווי די איבעריקע פערסאָנאַזשן פון די מאַיסעלעך, און צי דען איז דאָס רעאַלע לעבן פון אַ קינד ניט בעסער פון מאַיסעלעך? דאָס שפּענדל, וועלכן ער לאָזט אין טייך איז פאַר אים אַ דאַמף-שיף א. א. וו.“ אָבער מיט דאָס מאַיסעלע איז פאָרגעקומען ווי אין גלייכווערטל זאָגט זיך: „טרייב די נאַטור דורך דער טיר — קומט זי אַריין דורכן פענצטער“. דאָס סאָוועטישע קינדער-מאַיסעלע ווערט פאַקטיש געשאַפן. און מאַקסים גאָרקי האָט לעצטנס ווידער אופגעהויבן די פראַגע וועגן דאָס מאַיסעלע, רופט צו רעווידירן אונזער קוק אַף דעם. „דאָס מאַיסעלע וועגן פליענדיקן טעפּיך איז אַן אויסטראַכטעניש, וואָס איז אַרויסגערופן געוואָרן פון מענטשנס פאַרלאַנג צו פליען. און איצט פליט מען שוין. אויב מיר ווילן דערציען נייע קינסטלער און שעפער פון קולטור — דאַרף מען ניט אָפּלייקענען יעדער פאַנטאַזיע און דערשלאָגן זי באַ די קינדער, ס׳וואָלט געווען אַ פאַרברעכן צו פאַרלעשן אין די קינדער די אייגנשאַפט פונם מענטשן — די שעפערישע אייגנשאַפט“[2].

אונז דוכט, אַז די פראַגע דאַרף אַזוי געלייזט ווערן: דאָס מאַיסעלע דאַרף באַטראַכט ווערן ניט פון שטאַנדפונקט פון דער פאָרם (די מאַיסעלע-פאָרם האָבן די קינדער פון אַ באַשטימטן עלטער ליב און ס׳איז ניט נויטיק צו באַקעמפן די קינדערשע נאַטור), נאָר פון שטאַנדפונקט פון אינהאַלט, פון

[1] זע „На путях к новой школе“ 1926, № 11
[2] זע Известия ЦИК С. С. С. Р. 1928 № 93

די אידייע און עמאָציעס, וואָס דאָס מאַיסעלע וועקט אויף אינם קינד. א פּיז גאָר א געראָטענער מוסטער פון א נייער קינדער-מאַיסעלע איז מאַרשאַקס „נעכטן און היינט". דאָ ווערט געשילדערט, ווי די נייע טעכניק באַזיגט די אַלטע — דער עלעקטרישער לאָמפּ — דעם קעראָסין-לעמפּל, די שרייב-מאַשינקע — די פּען און די וואַסערלייטונג — דעם קאָראָמיסל. די אידייע איז אן אַקטועלע און פאַר די קינדער אינטערעסאַנט. די פאָרם — א פאַנטאַסטישע (בוילעטע פּערזאָניפיצירונג, דער לאָמפּ רעדט און באַקלאָגט זיך, די פּענעס מאַכן א פּראָטעסט-פאַרזאַמלונג). אַזוינע קינדער-ביכלעך זיינען שטאַרק געוואונטשן פאַר אונזער שול.

די כ׳ מאַרגאַלינע אין איר רעצענזיע וועגן שאַרלאָטאַ באַלערס ביכל „מאַיסעלע און פאַנטאַזיע פון קינד" (דייטש) ברענגט די כאַראַקטעריסטישע שטריכן פון דער מאַיסעלע-פאָרם, וואָס מיר קענען יאַרשענען: 1) די מערהייט מאַיסעלעך פאַרמאָגן נאָר איין העלד. די איבעריקע פּערזאָנען שפּילן אַ ראָל פון סטאַטיסטן). די העלדן זיינען פּראָסט, טיפּיש. זייער כאַראַקטעריסטיק שעפּט זיך אויס מיט איייניקע שטריכן. דער אַרום ווערט געשילדערט קורץ, נאָר שאַרף און בוילעט, (אַ וואַלד, אַ ברונעם) די עפּיטעטן — איינצלנע. 2) בּאַ דער ביטונג פון סיטואַציעס פאָדערט זיך אַ געניערע באַשרייבונג. דער אַוטאָר פירט דאָס קינד, ווי אַף אַ רייזע, עס זאָל האָבן די מעגלעכקייט מער צו זען און נאָכמערקן. 3) דאָס מאַיסעלע פירט אריין גלייך אין פּראָצעס פון האַנדלונג. די איבערלעבונגען פונם העלד ווערן ניט געגעבן אין אינערלעכע, נאָר מער אין אויסערלעכע שטריכן: אין געלעכטער, געוויין א. א. וו. 4) אַ גרויסע ראָל שפּילט די איבערכאַזערונג, וואָס ווערט געגעבן אין פאַרשיידענע פאָרמען. צ. ב., איינער מאַכט אַ פּלאַן פון אַ רייזע, און דערנאָך כאַזערט זיך עס איבער אין דער האַנדלונג א. א. 5) אַף וויפל פאַר דעם קינד איז שיין דאָס, וואָס עס גיט אים פאַרגעניגן, וואָס עס פרייט אים, דאַרף זיך דאָס מאַיסעלע ענדיקן מיט אַ גליקלעכן סאָף. מיט דעם גליק און זיג פון העלד קען דאָס קינד פאַרשטיין אויך דעם זיג פון דער אידייע [1]. וועגן דער ליטעראַטור פאַר עלטערע קינדער זע די גרונט-פאָדערונגען פון דער גוס-קאָמיסיע, איבערגעדרוקט באַ באַרכינען, ז. 55, 61. 6) קינדער-צייטונג און זשורנאַל. די קינדער-פּרעסע שפּילט אַ גרויסע ראָל און אופוועקן באַ די קינדער די ליבע צום לייענען, צום בוך, צום שרייבן. זי פאַרבינדט אים מיט דער גרויסער וועלט מע דאַרף פון צייט צו צייט פאָרלייענען פאַר די קינדער פון דער קינדער-צייטונג, פון קינדער-זשורנאַל, שאַפן צייטונג- און זשורנאַל-קרייזלעך, זען, אַז די קינדער זאָלן זיך אַליין אבאנירן אַף דער קינדער-פּרעסע, פאַרשפּרייטן זי צווישן כאַווערים.

[1] זע „На путях к новой школе“ 1926. № 11 стр. 144

## ליטעראַטור:

1. Блонский — Педол. в масс. школе.
2. Афанасьев — Краткая методика.
3. Авакумов — Творческое чтение.
4. Бархин — Разв. речи и чтение худ. произвед."
(אין לעבן — פּראָץ א געניטע ביבליאָטעק)
5. „На путях к новой школе 1926, № 11.
6. Острогорский — Выразительное чтение.

# VI. אַכטגעבונגען אַף דער שפּראַך

דער געביט פון די אַזוי גערופענע „אַכטגעבונגען אַף דער שפּראַך" איז זייער אַ ברייטער. אין אונטערשייד פון דער אַלטער שול-גראַמאַטיק, וואָס האָט געשטרעבט אויסלערנען דאָס קינד „ריכטיק" רעדן און שרייבן, לויט די פאַרגליווערטע דאָגמעס, וואָס זי האָט איינמאָל פאַר אַלעמאָל איינגעשטעלט, שטעלן זיך די אַכטגעבונגען פאַר אַ ציל — איינגעוואוינען די קינדער נאָכטראַכטן, דערלערנען די פילזייטיקע שעפערישע פּראָצעסן, וואָס קומען פאָר אין דער שפּראַך, מאַכן זי לעבנספעאיק, בויגעוודיק, ווירקעוודיק, סאָציאַל-מעכטיק. די אַכטגעבונגען כאַפּן אַרום אַ גאַנצע ריי פאַקטן פונעם לעבן פון דער שפּראַך, פאַקטן סעמאַנטישע, פאָרמעלע, פאָנעטישע, סאָציאַלע. דאָס לעצטע איז באַזונדערס וויכטיק. די קינדער דאַרפן זיך אויסלערנען פאַרשטיין, אַז די שפּראַך איז אַ לעבעדיקע סאָציאַלע דערשיינונג, זי אַנטוויקלט זיך צוזאַמען מיט דער אַנטוויקלונג פונעם סאָציאַלן לעבן און שפּיגלט אָפּ אין זיך אויך די באַזונדערקייטן פון דער קלאַסן-געזעלשאַפט.

## א. סעמאַנטיק

1. סעמאַנטיק באַשעפטיקט זיך מיט דערלערנען די מאַטעריעלע באַטייטן פון דער שפּראַך און זייערע מאָדיפיקאַציעס (ענדערונגען). שוין פון צווייטן קלאַס אָן קען מען אָנהייבן די אַכטגעבונגען אַף סעמאַנטישע דערשיינונגען, מע דאַרף דערצו ניט האָבן קיין ספּעציעלע שעהען. מע דאַרף נאָר אויסנוצן די פּאַסיקע געלעגנהייט — אַף די שעהען פון לייענען, באַם פאַנאַנדערקלייבן שריפטלעכע אַרבעטן, באַ אַ ליטעראַרישן שמועס. דער לערער, פאַרשטייט זיך, דאַרף זיך גוט צוגרייטן, די אַרבעט פאָרויס אָנמערקן, קיין כאַאָס טאָר דאָ ניט זיין.

2. נייע אויסדריקן אין אַ ליטעראַרישן ווערק. מע טאָר ניט דערלאָזן, אַז די נייע שפּראַך-מאַטעריאַלן זאָלן זיך פאַרוואַנדלען אין טויטן קאַפּיטאַל. נייע אויסדריקן דאַרף מען גלייך רעאַליזירן: פאָרלייגן די קינדער צוטראַכטן זאַצן, וואָס אין זיי זאָלן די נייע אויסדריקן זיין אַף אַן אָרט. „אַף טעלעגראַם געוועזן אַ כסימע — לעניק" (אַרום אונז I). אין נאָך וואָסערע פאַלן

קען מען באַנוצן דאָס וואָרט „כסימע"? „מאַכמעס איסראָעל דער שניידער איז
טויט, ווי די וואַנט" (ד.) — טראַכט צו זאָגן מיטן וואָרט „מאַכמעט". אַנדערע
לערער קליגן זיך פאַרבייטן אין טעקסט דאָס וואָרט „מאַכמעס" מיטן וואָרט
„ווייל", קעדיי צו פאַרגרינגערן. דאָס הייסט, גיין אף דער ליניע פון קלענסט
ווידערשטאַנד — מע טאָר דאָס ניט טאָן — עס פאַראָרעמט די שפּראַך, אין דער
צייט, ווען ס'איז זייער לייכט צו איינבירגערן דאָס וואָרט, וואָס האָט אַ באַ-
שטימטן שפּראַכלעכן ניואַנס. צונויפשטעלן ווערטער-העפטן, פּלאַקאַטן מיט צו-
געטראַכטע ביישפּילן און ביישפּילן פון ביכל.

3. ווערטער-סינאָנימען. (ס'איז ניט נויטיק אין דעמדאָזיקן על-
טער צו געבן טערמינען, די-דערשיינונג גופא איז פאַר קינדער זייער אינטע-
רעסאַנט). „זאָג מיר, עטעלע, מיין גאָלד, וואָס האָסטו פיינט, וואָס האָסטו
האָלט? — דאָך ווייסן אַלע, ווי מיר שיינט, וואָס עטעלע האָט ליב און פיינט,
„ליב" און „האָלט" (ד.) ווי זאָגט מען בא אונז אין שטאָט, אין שטעטל? ווי
זאָגט מען באַ אייך אינדערהיים? „די פרייד מיט מיר איז געווען אַזוי גרויס,
גלייך, ווי די וועלט איז מיינע, גלייך ווי אַלצדינג אין איר פילט מיין סימ-
כע" (ד.) פרייד און סימכע. אין דערזעלבער זאַך: בעהיימע און קו, האָרכן און
הערן א. א. וו. אַף דערדאָזיקער דערשיינונג שטויסן מיר זיך אָן אַף יעדער
טריט, דערהויפּט אין אָריגינעלע ווערק. זאַמלען אַזוינע מאַטעריאַלן אויך פון
דער לעבעדיקער, קינסטלערישער שפּראַך. מאַכן טאַבעלן. אין די עלטערע
גרופּן קען מען שוין אופמערקזאַם מאַכן די קינדער אף באַטייט-ניואַנסן, וואָס
זיינען פאַראַן באַ אַנדערע סינאָנימען, אף דעם עקספּרעסיוון כאַראַקטער זייערן
(אַ פלינקער, א קוועקזילבער א. א.).

4. פּאָליסעמישע ווערטער (פילבאַטייטיקע) און האָמאָנימען
(פאַרשיידנבאַטייטיקע ווערטער מיט איין און דיזעלבע קלאַנגען). „די קאַץ איז גע-
לעגן געוואָרן". „די קינדער זיינען געלעגן אף די בעטלעך". (ד.) וואָס איז
דער אונטערשייד צווישן ערשטן און צווייטן „געלעגן"? ווי קען מען ווייזן
דעם אונטערשייד? (דאָס וואָרט באַקומט זיין באַטייט אין זאַץ) „אף אונז ביידן
שטייט די וואַסערשטוב". ער שטייט נאָר און רעדט דורך אַ רער צו די מאַ-
טראָסן" (ד.) די באַדייטונג פון ערשטן „שטייט" און צווייטן. דאָסזעלבע: „די
הענט האַלט איך אין די קעשענעס" — מיין ברודער עליע איז גערעכט, וואָס
ער האַלט, אַז דער יאַם האָט ניט קיין גרונט" (ד.) א. א. וו.

האָמאָנימען: „לאַלי האָט עס אַ נאָמען געגעבן שטערנדל, ווייל אַפן
שטערן האָט עס געהאַט א מין ווייס שטערנדל" (ד.) שטערן אין הימל און
שטערן אין מענטשלעכן קערפּער. דער אונטערשייד אין מערצאָל פון דיביידע
ווערטער. האָמאָנימישע קאַלאַמבורן (אין די קינדערשע יאָרן פלעגן מיר זיי
נאָך אליין אויסטראַכטן): „מע פירט דעם שמיד קוילן". „דער שויכעט האָט
געקוילעט א פערד" (אף ערד). „זיין קאָפּ האַלט זיך אף איינפאַלן". „וואָס
מאַכסטו? איך מאַך פון אַ לעכל א קרייטשיק"... אין פערטן קלאַס קען מען

אָנווייזן, ווי די באַטייטן-פאַרברייטערונג קומט פאָר. מאַכן פּלאַקאַטן מיט קאָנ-
קרעטע ביישפּילן.

5. אויסדריקלעכע שפּראַך-מיטלען. „איך קאָן אָן אינגל לעמל—אַ פּייער ניט קיין יונג, רויכישע צוויי אויגעלעך, אַ גלעקעלע דער צונג". ווי האַלט מען זיך אויסגעדריקט פּאָשעט? ווי איז שענער? פאַרוואָס? און וואָ-נערע נאָך פאַלן קען מען באַנוצן אַזעלכע אויסדריקפולע („שיינע") ווערטער? „ביסטיי אויף פרי — דער דאַך געזילבערט, און אַ בעלמע אף די שויבן" (ד.) „וואַסער זעצט פון אַלע וואונדן" (פון טייך) (ד.) „הערצער רייסן זיך און ס'פלאַפּלען הענט" (כאריק) — פּראָוווט צוטראַכטן אַנדערע ווערטער, וואָס זאָלן מיט זייער אויסדריקפולקייט („שיינקייט") פּאַסן אַהער. אין פערטן קלאַס קען מען זיך אָפּשטעלן אויך אף אנדערע אויסדריקלעכקייט-מיטלען. „יעדן אָוונט זינגט דער פעטער פּיניע לידער — יעדן אָוונט ווערט דער דאַך פאַרקלערט". (כאריק). „און פענצטער פאַרקוקן זיך בלויע אף ווייסע כידושים" (רעזניק)[1]. ווער פאַרקלערט זיך? ווער פאַרקוקט זיך? פאַרוואָס איז דאָ פאַרביטן? זאַמ-לען פון דער לעבעדיקער שפּראַך „שיינע" אויסדריקן צו די ווערטער גיין, לויפן א. א. באַטראַכטן זייערע באַטייטלעך-עמאָציאָנעלע ניואַנסן.

6. פרעמדשפּראַכיקע אויסדריקן און זייער פונקציע. „איר ווילט „נעפּרעמענא" אף יאָנטעוו?" (שאָלעם-אַלייכעם) „ווידער קאָן דער סוינע קומען, ווידער „כלאָפּ? און „פּסיא-קרעוו" (כאריק). פאַרוואָס באַנוצן דאָ די אַווטאָרן אָט די פרעמדשפּראַכיקע אויסדריקן? טראַכט צו ביישפּילן, ווען ס'איז נויטיק צו באַנוצן אַ פרעמדשפּראַכיק וואָרט. וואָס איז די פונקציע פון דעם צעקאַליעטשעטן אידיש, וואָס קאַרפּע רעדט אין שאָלעם-אַלייכעמס „אַ פאַרשטערטער פּייסעך"? איז דאָס ניט אינטערעסאַנט קלאָר צו מאַכן אַפילע מיט קינדער פון דער ערשטער שטופע? וועט דאָס ניט דערוועקן באַ זיי דעם כוש צו שפּראַך, צו איר שעפערישקייט און ווירקעוודיקייט?

7. פאָלקסטימלעכע עלעמענטן אין דער שפּראַך. שוין פון דער ערשטער שטופע דאַרף מען צוגעוואוינען די קינדער זיך צוהערן אין דערפילן דעם פאָלקסטימלעכן זאַפטיקן אויסדריק און באַנוצן זיך מיט אים אין נויטיקע פאַלן. „איך זאָל האָבן די בראָכעס, וואָס גרינערהייט זיינען אַסאַך מער באטאמט און געשמאַק"; „דערווייל ווערט נאָך פּיני גוט פאַרשוואַרצט". „מיר וועלן זיך מיטן שאַפּ ניט עלטערן" — האָט איר געהערט באַ אייך אינדערהיים אַזעלכע אויסדריקן? אין וואָסערע פאַלן? דערמאָנט זיך פאָלקסטימלעכע אויס-דריקן בענויגייע עסן, שלאָפן, לערנען א. א. וו.

קינדער אינטערעסירן זיך זייער מיט דידאָזיקע שפּראַך-דערשיינונגען. אין אַ שמועס מיט קינדער פון אַ צווייטן קלאַס וועגן „דריי קעפּלעך" האָט דעם גרעסטן אינטערעס אַרויסגערופן באַ די קינדער די פראַגע: פאַרוואָס רופן די

1 די אַלע ביישפּילן זיינען מיט אַ קליין גענומען פון אַ לייענביכל פאַרן 2-טן לערניאָר. שוין דאָ איז צעוואָרפן אָן אַ שיר שפּראַך-מאַטעריאַל.

קינדער די קאַץ „מעכוטענעסטע"? זאָלן זיך די קינדער איינגעוואוינען צערט-לעך און זאָרגזאַם באַגיין מיטן וואָרט. זאָלן זיי זיך אויסלערנען זאַמלען מאַ-טעריאַל, צונויפשטעלן אַלבאָמען, טאַבעלן, ווערטער-העפטן. וואָס אַ קלאַס הע-כער דאַרף מען, פאַרשטייט זיך, דידאַקטיקע אַרבעט פאַרטיפערן, פאַרברייטערן.[1]

## ב. גראַמאַטיק

1. גראַמאַטיק איז דאָס קרענקלעכסטע אָרט אין אונזער שול-אַרבעט. דער שווערסטער און לאַנגווייליקסטער לימעד — זאָגן אייניקע, זייער אַ סך אינ-טערעסאַנטער און אַקטיוויזירנדיקער לימעד — זאָגן אַנדערע. און אַלע זיינען גערעכט. דער לערער, וואָס איז צוגעגרייט צו זיין אַרבעט, אי אין קענען דעם קעגנשטאַנד, אי אין מעטאָדן פון דער אַרבעט — קאָן פאַרוואַנדלען דעם גראַ-מאַטיק-לימעד אין אַ קוואַל פון שעפערישקייט און קינדערשער אַקטיווקייט. דער ניטצוגעגרייטער — אין אַ פּיינלעכן גענעם אי פאַר זיך, אי פאַר די קינ-דער. פון דאַנען איז געדרונגען — דער לערער דאַרף קודעמקאָל גוט דערלער-נען דעם קעגנשטאַנד, וויסן אַסאַך מער, וויפל ער דאַרף געבן די קינדער. דערנאָך דאַרף מען זיך באַקענען ווי געהעריק מיט דער מעטאָדיק פון דעמ-דאָזיקן בעעמעס שווערן לימעד. אָבער דאָ דאַרף דער לערער האָבן אין זינען אַז אייגנאַרטיקע מאָמענטן פון דער אידישער גראַמאַטיק פאָדערן אן אייגנאַר-טיקע מעטאָדישע באַאַרבעטונג. צום באַדויערן, איז דערווייל אַף דעם געביט ווייניק אופגעטאָן געוואָרן.

2. אופגאַבן פונם לימעד. שוין אין קאַפּיטל וועגן אָרטאָגראַפיע האָבן מיר געזען, אַז פיל אָרטאָגראַפישע מאָמענטן איז צוועקמעסיקער צו געבן אף א באַזינטן, ד. ה. גראַמאַטישן אופן, דאָסזעלבע קען מען אויך זאָגן וועגן זאַץ-בוי. אויך דאָ קען די גראַמאַטיק פיל מיטהעלפן „צו אויסדריקן די געדאַנקען אין ריכטיק אויסגעבויטע פאָרמען פון סינטאַקסישער רייד"[2]. די שי-לער הויבן זיך צו באַציען זאָרגזאַמער צו דער שפּראַך, ווען זיי דערזעען, אַז אין איר הערשט געזעצמעסיקייט און אָרדענונג (געגליכן צו דעם דיסציפּלין-געפיל, וואָס אַ מענטש לעבט איבער, ווען ער גייט אַריין אין א פולקום איינ-געאָרדנטער שטוב). כוץ אָט דער ריין-פּראַקטישער אופגאַבע, האָט די גראַ-מאַטיק נאָך זייער א וויכטיקע באַדייטונג: זי העלפט מיט די קינדער צו באַ-זיניקן דעם שעפערישן פאָרמעל שפּראַך-מעכאַניזם און באַנוצן זיך מיט אים באַוואוסטזיניק און אויסגעפּרואווט. ס'איז ניט ריכטיק די מיינונג, אַז גראַמאַטיק איז פאַר די קינדער פון דער ערשטער שטופּע שווער: מיר וויסן, אַז אַפילע גאָר קליינע קינדער (5—6 יאָריקע) זיינען זייער אויפמערקזאַם צו שפּראַכלעכע פאָרמען און פאַריכטן גאַנץ אָפט רייד-גרייזן פון דערוואַקסענע, (מאָנטעסאָרי

---

[1] זע דעם-דערם. לייען-בוך פאַרן צווייטן קלאַס „אַרבעט און שפּיל". דאָרט איז פאַראַן נאָך יעדער ווערק מאַטעריאַל פאַר איבונגען אף דער שפּראַך.

[2] Прогр. и мет. записки, в. II, стр. 189.

„לערנט״ גראַמאַטיק מיט אַזוינע כעוורע). מיר ווייסן, אַז קינדער קאָמבינירן אָפט אַלפּי אַנאַלאָגיע אינטעועסאַנטע גראַמאַטישע פאָרמען. איז פאַרוואָס זאָל מען זיי ניט אריינפירן באַוואוסטזיניק אין דעם בילדונג-מעכאַניזם?

3. צוגאַנג צו גראַמאַטיק. איך בין אַנומלט בייגעווען אין אַ שול אַף אַ לימעד פון גראַמאַטיק. די לערערן האָט דערקלערט די קינדער אייגנשאַפטוואָרט, ווי אַ וואָרט, וואָס באַצייכנט אַן אייגנשאַפט פון אַ זאַך. דערנאָך האָט זי פאָרגעלייגט די קינדער צוטראַכטן ביישפּילן, און צוויי קינדער האָבן זיך אָנגערופן: א פייגעלע פליט, זאַלץ צעגייט אין וואַסער. איך האָב זיך שטאַרק פאַרוואונדערט אַף דידאָזיקע ביישפּילן. שפּעטער איז די זאַך קלאָר געוואָרן: פריער מיט אַ טאָג האָבן די קינדער געלערנט אין נאַטורוויסנש_פט וועגן אייגנשאַפטן פון קערפּער, זאַכן... בעכיין, נעמט זיך דער טאָעס פון דער לערערן דערפון, וואָס זי האָט דערקלערט די אייגנשאַפטווערטער, אַ ריין גראַמאַטיש-פאָרמעלע קאַטעגאָריע, אַף אַן אינהאַלטלעך-לאָגישן אויפן. דערדאָזיקער צוגאַנג איז כוץ דעם, וואָס ער איז וויסנשאַפטלעך פאַלש, איז ער מעטאָדיש זייער שעדלעך. ווייל, אויב הויפטוואָרט איז אַ נאָמען פון א זאך, איז וואָס איז דעמאָלט ווינטער, זומער, טאָג, נאַכט? איז „שניידערייי״ דען ניט אַ טאונג? און א „גאַנג״? ווען מיר זאָגן, אַז דער סוביעקט איז דאָס וואָרט, וואָס וועגן אים רעדט זיך אין זאַך — איז זייט אַזוי גוט און באַשטימט אינם זאַך „איך האָב געקויפט אַ בייגל״ דאָס וואָרט, וואָס וועגן אים רעדט זיך... (פון לאָגישן שטאַנדפונקט קענען דאָ זיין דריי סוביעקטן, אין אָפּהאַנג פון דער אינטאָנאַציע) [1]. גאַנץ ריכטיק ווייזן דעריבער אָן „די פּראָגראַמען און מעטאָדישע צושריפטן פון דער איינהייטלעכער ארבעטשול״, אַז באַם דערקענען די גראַמאַטישע קאַטעגאָריעס דאַרף מען זיך רעכענען ניט מיט די באַטייטן פון די ווערטער, נאָר מיט זייער פאָרם״ [2]. אַ צייטוואָרט איז אַ וואָרט, וואָס האָט די פאָרם פון פערזאָן אין צייט, אַן אייגנשאַפטוואָרט — אַ וואָרט, וואָס האָט די פאָרם פון מין. ערגער איז אידיש מיט הויפטווערטער: זיי האָבן קיין פאָרם ניט, (אויסער די, וואָס בילדן זיך אויס פון אַנדערע קלאַסן). מיר ווייסן אָבער, אַז אין באַהעפט ציען די הויפטווערטער אַלעמאָל אָדער אַן אייגנשאַפטוואָרט דעם אַרטיקל, איז מעטאָדיש צוועקמעסיק און וויסנשאַפטלעך-ריכטיק צו געבן די קינדער אַזאַ סימען: א הויפטוואָרט איז א וואָרט, וואָס צו אים ציט זיך אָדער קען זיך ציען אן אייגנשאפטוואָרט אָדער די ווערטער דער, די, דאָס, אַ (בעסער איז לויטן אַרטיקל, ווייל ער איז פאַרשפּרייטער און פאַר די קינדער לייכטער צו באַמערקן).

וואָס איז נויגייע באַטייטן, דאַרף מען פאַרשטייט זיך אויפמערקזאַם מאַכן די קינדער, אַז אַ הויפטוואָרט קען באַצייכענען זאַכן (א טיש), אייגנשאַפטן

[1] זע אויספירלעכער Пешковский — „Школьная и научная грамматика“, стр. 46—56

[2] זע באַנד II, ז. 190.



2439—6*

(וויסקייט), טיאינגען (א געלאף), צושטאנדן (שלאָף, קראַנקייט), צייטן (זומער, טאָג) א. א. וו., אָבער אפן לימעד פון גראַמאַטיק קענען זיי אַריינטראָגן אַ פּלאָנטער. די באַטייטן איז צוועקמעסיקער נאָכצומערקן אף די שאָען פון שפּראַך-אַנטוויקלונג און לייענען.

4. מעטאָד פון גראַמאַטיק-לימעד. דער דאָגמאַטישער מעטאָד פון געבן פאַרטיקע קלאָלים האָט אַוועקגעהאַרגעט אין דער אַלטער שול דעם לימעד גראַמאַטיק, געמאַכט אים נודנע און פּיינלעך-שווער. דער אַקטיווער אַרבעט-מעטאָד, וואָס איז אַוועקגעלייגט אין גרונט פון דער גוספּראָגראַם ביכלאַל, דאַרף זיין דער גרונט-מעטאָד אויך פון גראַמאַטיק-לימעד. מע דאַרף בויען דעם לימעד אַזוי, אַז ער זאָל אַרויסרופן דעם מאַקסימום אַקטיווקייט פון די קינדער, וועקן זייער שעפערישן געדאנק. ס'איז שוין אַ קלאַל: דאָרטן, וואו דערדאָזיקער פּרינציפּ איז דורכגעפירט איז „דער טרוקענער" גראמאטיק-לימעד אינטערעסאנט פאַר די קינדער, באַליבט באַ זיי, גייט אַרורך לעבעדיק. קאָנקרעט גערעדט: אין יעדער גראַמאַטישן לימעד דאַרף זיין אַ וואָסער ס'איז עלעמענטאַש אין אַ פּרימיטיווער פאָרם) פון זעלבשטענדיקער אַכטגעבונג-פאָרשונג. נאָכמערקן די גראַמאַטישע דערשיינונג, מאַכן זעלבשטענדיק אויספירן, אָנווענדן די געמאַכטע אויספירן פון דער פּראַקטיק — אָט אַף וואָסערע יעסוידעס עס דאַרף געבויט ווערן דער גראַמאַטיק-לימעד. אָבער, ווי מיר האָבן פריער גע-זען, האָט דער גראַמאַטיק-לימעד אין אַ גרויסער מאָס אַ פּראַקטישע באַצוועקונג: ער דאַרף באַדינען די מונדלעכע און שריפטלעכע שפּראַך-אַנטוויקלונג. בעכיין, מוז אין דעם גראַמאַטיק-לימעד פאַרנעמען אַ גרויס אָרט די איבונג. יעדער שעפעריש-דערוואָרבענעם טריט פאָרויס דאַרף מען פאַרפעסטיקן דורך לאַנגדויערנדיקער איינגיבונג. אָן דעם וועט די פּראַקטישע באַצוועקונג ניט דערגרייכט ווערן.

5. גראַמאַטיק און קאָמפּלעקס. וועגן אַ נאַטירלעכער, אָרגאַנישער פאַרבינדונג פון דער גראַמאַטישער טעמע מיט דער קאָמפּלעקס-טעמע, ווי דאָס איז מעגלעך בעגויגייע אַריפמעטיק, קען גאָר קיין רייד ניט זיין. מוז זיך אן דאַפקע, צייטוואָרט פאַרבינדן, לעמאָשל, מיטן קאָמפּלעקס „קליידונג" אָדער „באַהייצונג"? די איינפלעכטונג פון גראַמאַטיק-לימעד אין דער קאָמפּלעקס-אַרבעט דאַרף זיך אויסדריקן פריער פון אַלץ אין דעם, וואָס פון איר זאָל אַרויסדריגגען פאַר די קינדער די נויטיקייט אין דערלערנען די שפּראַך-פאָרמען. ווייטער, ווערט די פאַרבינדונג פאַרווירקלעכט דורך דעם, וואָס די גראַמאַטישע אַכטגעבונגען ווערן געמאכט אַפן מאַטעריאַל פון קאָמפּלעקס „אָט די אַלע גראַמאַטישע יעדיעס דאַרפן געגעבן ווערן אַפן יעסאָד פון אַכטגעבונגען אַף דער לעבעדיקער קינדערשער שפּראַך (אין פאַרבינדונג מיט די פאַרנעמונגען פון שפּראַך-אַנטוויקלונג) אָדער אַף דער ביכלשער שפּראַך (אין פאַרבינדונג מיט די שאָען פון הויכן לייענען), אָבער ניט אַף אָפּגעריסענע און אַבסטראַקטע ביישפּילן. עמעס, צוליב דער בוילעטקייט פון די פאָרשטע-

לונגען וועגן די אָדער יענע גראַמאַטישע פאַקטן, וואָס אויסקומען אַמאָל דורכ-מאַכן געוויסע גראַמאַטישע איבונגען, נאָר אויך אָט די איבונגען איז בעסער דורכפירן אַף אַ געבונדענעם טעקסט און לעבעדיקע ביישפּילן"[1]. צוליב דער-דאָזיקער פאַרבינדונג איז לאַכלוטן ניט נויטיק צו צעשטערן די אָנגענומענע גראַמאַטישע פּראָגראַם, וואָס איז געבויט פּעדאַגאָגיש-צוועקמעסיק. ס'איז נויטיק גאָר, באַם פּלאַנירן די קאָמפּלעקסן, פאַרטיילן דעם גראַמאַטישן מאַטעריאַל וואָס איז אָנגעמערקט אַפן געגעבענעם לערניאָר, צווישן די טעמעס און אונ-טערטעמעס פון קאָמפּלעקס. וואָס איז נויגייע דער פראַגע וועגן באַזונדערע שאָען, האָט די דערפאַרונג אומבאַשטרייטבאַר דערוויזן, אַז אָנהויבנדיק פון צווייטן לערניאָר, איז נויטיק אויסטיילן פאַר דעם גראַמאַטיק-לימעד אַ באַזונ-דערע צייט (ניט ווייניקער, ווי אַ שאָ אין וואָך). די פינף-צען-מינוטיקע גראַ-מאַטיק-פאַרנעמונגען צום סאָף פון אַנדערע לימודים האָבן ווייניק נוצן געבראַכט.

### 6. סכעמע פון אַ גראַמאַטישן לימעד.

א) אַוועקשטעלונג פון דער פראַגע אַפן סמאַך פון די קינדערשע שריפט-לעכע אַרבעטן אָדער ליטעראַרישן מאַטעריאַל פון ביכל (דעם ביכל-מאַטע-ריאַל קענען מיר ניט אויסמיידן אַף וויפל די קינדערשע שפּראַך איז דיאַלעקטיש

ב) אַכטגעבונג אַף אַ ספּעציעל-אָרגאַניזירטן מאַטעריאַל, וואָס שטעלט אַרויס די גראַמאַטישע דערשיינונג באַזונדערס בולעט (אַזוי צו זאָגן, גראַמאַ-טישער עקספּערימענט) און דערוויילִיקער אויספיר פון דער אַכטגעבונג.

ג) די שילער טראַכטן צו נאָך אַנטשפּרעכיקע ביישפּילן און פאַרשרייבן זיי

ד) אַנאַליז פון געגעבענע ביישפּילן אין אַ טעקסט.

ה) אַלגעמיינער ענדגילטיקער אויספיר. פאַרשרייבן אין דער גראַמאַטי-שער העפט.

ו) אַ שריפטלעכע אויפגאַבע-איבונג מיטן ציל צו פאַרפעסטיקן די דער-וואָרבענע ידיעות[2].

### 7. טיפּן פון שפּעטערישע איבונגען.

א) צוטראַכטן אַ קליינע דערציילונג מיט דער דערלערנטער גראַמאַטי-שער פאָרם.

ב) צוקלייבן ווערטער לויטן טיפּ (זע זאַרעצקי „פּראָגראַם פון אידיש", „אַף די וועגן" נומ. 1428, זז. 59, 62, 60).

ג) צוקלייבן ווערטער-נעסטן (עטימאָלאָגיש-מאָרפאָלאָגישע איבונגען): גיין, פאַרגיין, אַריינגיין צוגיין א. א. וו., פיש, פישעלע פישער, פישיקער (זייך) פישכאַפּערײַ א. א. וו. מיט קאָנקרעטע ביישפּילן, ווען דידאָזיקע ווער-טער ווערן באַנוצט.

ד) איבערמאַכן אַ טעקסט פון איין גראַמאַטישער פאָרם אַף אַ צווייטער.

ה) אויסשרייבן פון אַ טעקסט די דערלערנטע גראַמאַטישע פאָרמען.

---

1 Прог. и мет. записки в II стр. 190.

2 דאָס הייסט ניט, אַז אַלעמאָל מוז מען אויספילן אַלע פונקטן פון דער סכעמע. אַמאָל קען דער אָדער יענער פונקט דורכגעלאָזן ווערן.

8. צי איז נויטיק אַ לערנביכל? דער לערער, וואָס קען גוט דעם קעגנשטאַנד און האָט גענוג פּעדאַגאָגישע דערפאַרונג נויטיקט זיך ניט אין אַ לערנביכל: ער שאַפט אים מיט די קינדער אַליין (מאַטעריאַל פעלט ניט) נאָך העיוס, ווי אַזוינע לערער זיינען לעסאַטע נאָך ווייניק, איז אַ לערנביכל נוצלעך. צום באַדויערן, זיינען די פאַראַנענע לערנביכלעך ניט אינגאַנצן צוגעפּאַסט: ספּיוואַקס ביכל איז צו שווער פאַר דער ערשטער שטופע, יאַבראָווס ביכל ליידט גאַנץ אָפט פון אַנטיפּעדאַגאָגישע מאָמענטן. פאַר דער ערשטער שטופע וואָלטן מיר געדאַרפט גיכער האָבן אַ גראַמאַטישן אויפגעבער, וואָס זאָל העלפן דעם מאַסן-לערער אין זין פון סיסטעמאַטיק און אין צוקלייבן מאַטעריאַל[1].

9. מוסטערן פון אַ גראַמאַטיק-לימעד.

1-טע טעמע: בייגונג פון אַרטיקל (4-טער קלאַס).

א) אויפמערקזאַם מאַכן די קינדער אַף די פאַרשיידענע פאָרמען פון אַרטיקל „דער“ (אין אַ ליטעראַרישן טעקסט). צווּקשטעלן די פראַגע: מיט וואָס איז פאַרבונדן די פאָרם-ענדערונג.

ב) גראַמאַטישער עקספּערימענט. „דער פּיאָנער מאַרשירט אין גאַס“. באַשטימען די ווערטער לויט די רייד-קלאַסן. פּערזאָן פון צייטוואָרט. ווי רופן מיר די סופיקסן וואָס באַווייזן די פּערזאָן? (איבערכאַזערונג). בייט איבער די פּערזאָן (אָנשטאָט דער פּיאָנער — איך). וועט זיך בייטן די ענדערונג פון צייטוואָרט? בייט אום די צאָל פון וואָרט „פּיאָנער“. וועט זיך בייטן די ענדונג פון צייטוואָרט? פון וואָס איז אָפּהענגיק די ענדערונג פון צייטוואָרט „מאַרשירט“? איז זי אָפּהענגיק אויך פון דער ענדערונג פון הויפּטוואָרט „גאַס“? (פּרואוון). נאָך ביישפּילן (וואָס מער ביישפּילן — אַלץ איבערצייגנדיקער דער אויספיר). פראַגע צום אויספיר: וואָסערע הויפּטווערטער זעען מיר אין זאַץ? (אַזוינע, וואָס פון זיי איז אָפּהענגיק די ענדערונג פון צייטוואָרט און אַזוינע וואָס פון זיי איז זי ניט אָפּהענגיק). אָנרוף (דער לערער): דאָס הויפּטוואָרט, וואָס פון אים איז אָפּהענגיק די פאָרם פון צייטוואָרט וועלן מיר רופן סוביעקטן, די, וואָס פון זיי איז ניט אָפּהענגיק — אָביעקט.

איבונג.

ג) ווייטערדיקע אַכטגעבונג: דער פּיאָנער מאַרשירט אין גאַס, איך מאַרשיר מיט דעם פּיאָנער אין גאַס, איך רוף דעם פּיאָנער אין גאַס.

שטרייכט אונטער מיט איין שטריכל דעם סוביעקט, מיט צוויי — די אָביעקטן. וואָס איז דאָס וואָרט פּיאָנער אין ערשטן זאַץ? אין צווייטן? אין דריטן? ווי האָט זיך דאָ געענדערט דער אַרטיקל? וויפל פאָרמעס האָט ער דאָ? וועלכע פאָרם איז פאַרבונדן מיטן סוביעקט און וועלכע מיטן אָביעקט? נאָך ביישפּילן (די קינדער טראַכטן צו). אויספירן (די קינדער): ווען דער אַר-

[1] גאָר אין דער לעצטער צייט זיינען אַרויס נייע אַרבעט-ביכלעך אַף שפּראַך פאַרן צווייטן לערניאָר — „שכראַך“ — פון אַ זאַרעצקי און „אונזער וואָרט“ ספּיוואַקס.

טיקל „דער" איז פאַרבונדן מיטן הויפּטוואָרט-אָביעקט—ענדערט ער זיך אָף „דעם".
אָנרוף: (פון לערער) די ענדערונג פון אַרטיקל — הייסט בויגפאָרם.

ד. אַרבעט: צוטראַכטן און אָנשרייבן אַ קליינע דערציילונג, וואו דער אַרטיקל „דער" זאָל זײַן אין ביידע זיינע פאָרמעס.

אָט דער לימעד איז אַדורכגעפירט געוואָרן אין אַ שול און האָט אַרויסגערופן בײַ די קינדער אַ גוואַלדיקן אינטערעס און אָנגעשטרענגטע אַקטיווקייט. דעם אַרטיקל „די" האָט מען אַריבערגעטראָגן אָף אַ צווייטן לימעד ווײַל זיין בויגונג איז אַ קאָמפּליצירטערע (האָט 2 אָביעקט-פאָרמעס — דירעקטע און אומדירעקטע).

2-טע טעמע: פאַרקלענער-ווערטער (דריטער קלאַס).

א) דער לערער שרייבט אָן אַפן ברעט:
אין אַ פעלד צי אין אַ וועלדל
שטייט אָף הינערפיס אַ הייזל.
האָט געוואוינט אַמאָל, דערציילט מען,
דאָרט אַ קעצל מיט אַ מייזל.

מיט וואָסערע אויסיעס ענדיקן זיך די אונטערגעשטראָכענע הויפּט-ווערטער? צי קענען מיר צו אַנדערע הויפּטווערטער אויך צוגעבן די אייגענע ענדערונגען? (טיש-טישל, הונט-הינטל א. א. וו). ווען גיבן מיר צו דידאָזיקע ענדערונגען צום הויפּטוואָרט? ווי וועלן מיר אָנרופן אָט די ענדערונגען? (פאַרקלענער-ענדונגען). ווי וועלן מיר אָנרופן די הויפּטווערטער, וואָס צו זיי שטעלן מיר צו די פאַרקלענער-ענדערונגען?

• איבונגען (די קינדער טראַכטן-צו זאַצן).

ב) דער לערער שרייבט אָן אַפן ברעט;
דאָס קליינע ווייסע קעצעלע
געווען איז זייער קלוג.
זי האָט געוואוסט דאָס ווינקעלע,
וואו עס שטייט דער קרוג.

זיינען פאַראַן דאָ פאַרקלענער-הויפּט-ווערטער? מיט וואָס ענדיקן זיי זיך? ברענגט נאָך ביישפּילן. ווען זאָגן מיר אַ טישל און אַ טישעלע, אַ קעצל און אַ קעצעלע א. א. וו. אויספיר.

די קינדער טראַכטן צו נאָך ביישפּילן. אַלגעמיינער אויספיר וועגן ביידע פאַרקלענער-ענדונגען.

ג) דעם לערער שרייבט אַרויס פון ביכל:
1) איז אַריין דאָס הענדעלע, דאָס הענדעלע צו איר.
2) דאָס טייכעלע פרירט, דאָס טייכעלע שטייט,
דאָס טייכעלע איז מיט שנייען פאַרווייט.
3) דאָס טייכל איז שמאָל אָבער טיף און שטראָמיק.

וואָס פֿאַר אַן אַרטיקל קומט דאָ פֿאַרן פֿאַרקלענערטן הויפּטוואָרט און פֿון וואָסער מין איז ער?

מע זוכט נאָך ביישפּילן אין ביכל.

מע פֿאַרגלייכט מיט דעם, ווי די קינדער ריידן. אויספּ־ר.

אַלגעמיינער אויספֿיר וועגן דער גאַנצער טעמע.

מע פֿאַרשרייבט אין העפֿט, דער לערער פֿאַרגיט — צוטראַכטן אַ מאַ-סעלע מיט פֿאַרקלענער-ווערטער.

די פֿאָרמולירונגען דאַרפֿן זיין קלאָרע, בוילעטע, וואָס נעענטערע צו די קינדערשע פֿאָרמולירונגען.

## ג. פֿאָנעטיק אין דער ערשטער שטופֿע

מיט אייניקע יאָרן צוריק האָבן זיך שפּראַך-לערער פֿאַרקאָכט אין פֿאָנע-טיק, אין די אינגערע גרופּן האָט מען געשטודירט די פֿיזיאָלאָגיע פֿון קלאַנגען. די דערפֿאַרונג האָט אָבער דערוויזן, אַז דער איניען איז צו האַרב פֿאַר קליינ-וואַרג, און ברענגט אויך שאָדן דער אָרטאָגראַפֿיע (ווען מע דערווייזט, לע-מאָשל, די קינדער, אַז אין „לעבט" הערט זיך אַ „פּ" א. א. וו.). וואָס אין נויגייע דעם מאָרפֿאָלאָגישן פּרינציפּ, קען מען אים אין צווייטן קלאַס געבן מיט דער הילף פֿון אַנאַלאָגישע ווערטער-רייען: לעב, לעבעדיקער, לעבן.

די פֿאָנעטישע דערשיינונגען (אַסימילאַציע א. א.) דאַרף מען געבן אין דעם 4-טן קלאַס, ווען די אָרטאָגראַפֿיע איז שוין פֿאַרפֿעסטיקט.

## ד. סאָציאַלע דערשיינונגען אין דער שפּראַך

אין 4-טן קלאַס איז שוין נויטיק און מעגלעך אויפֿקלערן, אין פֿאַרבינ-דונג מיטן קאָמפּלעקס „פֿ. ס. ס. ר.", אייניקע מאָמענטן (דערווייל אַף אַ פּרי-מיטיוון אויפֿן) פֿון דעם סאָציאַלן כאַראַקטער פֿון דער שפּראַך און איר אַנט-וויקלונג. שפּראַך פֿון שטאָט און שטעטל. שפּראַך אין פֿאַרשיידענע צייטן, בײַ פֿאַרשיידענע שיכטן. מאַטעריאַל: אַכטגעבונג פֿון די קינדער אין זייער אַרו-מיקער סוויווע. מע קען אויך אויסנוצן ליטעראַרישן מאַטעריאַל.

### ליטעראַטור


1. Афанасьев — Краткая методика.
2. Пешковский — Школьная и научная грамматика.
3. „ — Наш язык (для учителя)
4. Малаховский — Очерки по методике.
5. זאַרעצקי — פּראָגראַם פֿון אידיש „אַף די וועגן", 1928, נומ. 1.
6. Фаусок — Грамматика у маленьких детей по Монтессори. (דאָ וועט דער לערער געפֿינען פֿיל פּראַקטישן מאַטעריאַל)
7. Шор — Язык и общество.
8. Рыбникова — Книга о языке.

ו

ט

וואָס

זיינ

גיין

אויסנו

אַרב

פּראָג

פּראָגראַם און מיטן

פּראָגראַם פירט אַריין דער לערער אויך נייע מאָמענטן, וואָס ער האָט זיך דערוואוסט בעיס זיין צוגרייט-אַרבעט. אַז די פּראָגראַם איז אויסגעאַרבעט, דאַרף מען זי איינפלעכטן אין דער סיסטעם קאָמפּלעקסן, וואָס ס'איז אָנגענומען פאַר דער געגעבענער גרופּע.

באַם אויסאַרבעטן די פּראָגראַם דאַרף דער לערער זיך אָריענטירן אַף דעם אויסגעצייכנטן פּראָגראַם-פּרואוו, וואָס עס האָט געמאכט דער כ' זארעצקי, געדרוקט אינם 1-טן נומער „אַף די וועגן צו דער נייער שול“ פון 1828-טן יאָר. דאָס איז די ערשטע דעטאַל'זירטע פּראָגראַם פון אידיש.

צוזאַמען מיט דער פּראָגראַם דאַרף דער לערער זיך אָנמערקן די מעטאָדישע מאָסמיטלען און אויפגאַבן, וואָס מיט זיי וועט ער די פּראָגראַם דורכאַרבעטן.

2. קאָמפּלעקס אין שפּראַך. דער שפּראַך-לימוד האָט אַסאַך אָפּצווייגן — לייענען, שרייבן, שפּראַך-אַנטוויקלונג, גראַמאַטיק, אָרטאָגראַפיע א. א. ס'איז קלאָר, אַז ס'איז העכסט נויטיק, אין די אינטערעסן פון קאָנצענטרירן די אויפמערקזאַמקייט פון די קינדער, פאַרבינדן די אַלע אָפּצווייגן צווישן זיך. אַזוי, אַז זיי זאָלן ש־יצן איינע די אַנדערע, שלאָגן אין איין ציל. צום באַדויערן, האָבן מיר נאָך אַף דעם געביט ווייניק דערפאַרונג.

3. צייט-פאַרטיילונג. אַרבעט אין שפּראַך-געביט איז דאָ אָן אַ שיר. מע דאַרף שרייבן און דערציילן, און א יסדריקלעך לייענען, און גרייזן פאַריכטן א. א. וו. א. א. וו. צייט איז דאָ ווייניק, און אָפּט פאַרגעסט דער לערער אָן דעם מאָמענט, אָן יענעם. ס'איז דעריבער נויטיק צו אָרגאַניזירן דעם לימודים-פּלאַן פון שפּראַך ניט לויט וואַכיקע פעריאָדן, ווי ס'איז אָנגענומען, נאָר לויט צוויי־וואָכיקע. אָט איז אַ ביישפּיל (פאַרן דריטן קלאַס):

וואָס פאַר אַן אַרטיקל קומט דאָ פאַרן פאַרקלענערטן הויפּטוואָרט אין פון וואָסער מין איז ער?

מע זוכט נאָך ביישפּילן אין ביכל.

מע פאַרגלייכט מיט דעם, ווי די קינדער ריידן. אויספ״ר.

אַלגעמיינער אויספיר וועגן דער גאַנצער טעמע.

מע פאַרשרייבט אין העפט, דער לערער פאַרגיט — צוטראַכטן אַ מאַי-סעלע מיט פאַרקלענער-ווערטער.

די פאָרמולירונגען דאַרפן זיין קלאָרע, בוילטע, וואָס נעענטערע צו די קינדערשע פאָרמולירונגען.

## ג. פאָנעטיק אין דער ערשטער שטופע

מיט אייניקע יאָרן צוריק האָבן זיך שפּראַך-לערער פאַרקאָכט אין פאָנע-טיק, אין די אינגערע גרופּן האָט מען געשטודירט די פיזיאָלאָגיע פון קלאַנג[...]אָר די דערפאַרונג האָט אָבער דערוויזן, אַז דער איניען איז צו האַרב פאַר קל[...] וייל וואַרג, און ברענגט אויך שאָדן דער אָרטאָגראַפיע (ווען מע דערוויזט, [...] נאָך מאָשל, די קינדער, אַז אין „לעבט“ הערט זיך אַ „פּ“ א. א. וו.). וואס [...] מען נויגייע דעם מאָרפאָלאָגישן פּרינציפּ, קען מען אים אין צווייטן [...] [...]ער שול, און לויט זיי באַשטימען מיר דעם גוירל פון קינדער צו איבערגיין אין אַ העכערן קלאַס, איבערגעלאָזן ווערן. שוין צייט צו מאַכן אַ סאָף צו דעמדאָזיקן ווילדן צושטאנד, וואָס איז אין קיין פּראָדוקציע ניטאָ. דער לערער דאַרף דערלערנען די פראַגע וועגן ווויסנשאַפטלעכן דיסקאָנט. אינטעראסאנטע מאטעריאלן וועגן דיסקאָנט פון שריפטלעכע דערפאָלגן וועט דער לערער געפינען אין דעם אינהאלטרייכן בוך פון יע. וו. גוריאַנאָוו „Учет школьной успешности“. Раб. просв. М. 1926 דער מאטעריאל דאַרף אָבער צוגעפּאַסט ווערן צו דער אידישער שפּראַך און דאָס דאַרפן שוין טאָן צענטראַלע אָרגאַנען.

5. זעלבסטדיסקאָנט פונם לערער. דעם לערער דוכט זיך אָפט, אַז ער אַרבעט און אַרבעט און שטייט אַף איין אָרט. דאָס איז דערפאַר, ווייל ער דיסקאָנטירט ניט זיין אַרבעט. ער טוט טאָג-טעגלעך אַן אינטערעסאַנטע, אָנגעשטרענגטע ארבעט און ווייסט אָפט אַליין ניט פון דעם. ווי ווייניק לערער עס דערציילן אין אונזערע זשורנאַלן וועגן זייער אַרבעט! דער לערער דאַרף זיך מאַכן אַ רעגילעס (אויך א פאָרמעלע געוואוינהייט) פאַרנאָטירן יעדער גע-ראָטענעם (און אויך ניטגעראָטענעם) טריט, וואָס ער מאכט אין זיין פּעדאַגאָ-גישער טעטיקייט. געקומען אַהיים נאָך אַ טאָג אַרבעט, — באַטראַכט דעם טאָג, באַרעכן די ניצכוינעס און מאַפּאָלעס, פאַרשרייב אינטערעסאַנטע עפּיזאָדן. גע-ווען אַן אינטערעסאַנטע שאָ — פאַרצייכן איר גאַנג. א ניטגעראָטענע שאָ — גיב זיך אָפּ אַ דינוועכעשבען וועגן די סיבעס. פיר אַ כעשבן, וואָס ביסט שוין דורכגעגאַנגען פון דער פּראָגראַם. ניטפּאַסיקע פּונקטן אירע — פאַרצייכן. די פּראַקטיק איז דער בעסטער ריכטער! צום סאָף יאָר וועסטו אַף אַזאַ אויפן האָבן מאַטעריאַל פאַר אַווירקלעך נוצלעכן, לעבעדיקן באַריכט, און דאַן טייל זיך מיט דיין דערפאַרונג אין פּעדאַגאָגישן זשורנאַל, שטעל פראַגן, פּרואוו זיי לייזן. נאָר אַף אַזאַ אויפן וואַקסט דער לערער אין זיין אַרבעט, גייט פאָרויס און האָט ערשט נאַכעס פון איר.

---

